אינסטיטוט פאר יידישער פראָלעטארישער קולטור בא דער
אלוקראַינישער וויסנשאפט-אקאדעמיע. עטנאָגראפישע סעקציע

# פאָלקלאָר-לידער

## נײַע מאטעריאלן-זאמלונג

געזאמלט דורך: מ. בערעגאָווסקי, ב. גוטיאנסקי,
ד. גאָראָכאָווסקאיא, י. טשערניאק, א. לעוויצקי,
ז. סקודיצקי, ש. קופערשמיד, כ. רײַכשטײן א. אנד.

צוגעגרייט צום דרוק מיט אן
ארײַנפיר און באמערקונגען
ז. סקודיצקי

אונטער דער רעדאקציע פון
מ. ווינער



פארלאג „עמעס", מאָסקווע 1933

# ארײַנפיר

## 1

אונדזער זאמלונג נײַע פאָלקלאָר־לידער איז אײַנגעטײלט אין פיר אָפּטײלונגען, וואָס זײַנען צונויפגעשטעלט געוואָרן לויט א טעמאטישן פּרינציפּ. אין דער ערשטער אָפּטײלונג ברענגען מיר ארבעטער־לידער (לידער וועגן עקספּלואטאציע און נויט, שטרײַק־לידער, לידער וועגן קאמף און קאָרבאָנעס, רעוואָליוציאָנערע הימנען און געזאנגען), אין דער צווייטער — לידער פון באלמעלאָכישן שטייגער, אין דער דריטער — לידער וועגן דער רוסיש־יאפּאָנישער און אימפּעריאליסטישער מילכאָמע, און אין דער פערטער — לידער פון לעבנ־שטייגער.

שאפן און געברויכן פאָלקלאָר איז כאראקטעריסטיש דעריקער פאר די עקספּלואטירטע, אונטערדריקטע און אָרעמע קלאסן. * ס׳וועט אָבער פאלש זײַן פון אזא פעסטשטעלונג ארויסצודרינגען, אז פאָלקלאָר־שאפונגען ביכלאל זײַנען אײנהײַטלעכ לויט זייער סאָציאלן אינהאלט און מעהוס. צו די שאפער און געברויכער פון פאָלקלאָר געהערן באשטימטע דאָרפישע קלאסן, שטאָטישע האנטווערקער, באלמעלאָכעס, שטאָטישע אָרעמשאפט, קלײנ־הענדלער א. אז. וו. אין געוויסע פעריאָדן, אפ באשטימטע שטופעס פון זייער קלאסנ־אנטוויקלונג נעמען אן אָנטייל אינעם שאפן און געברויכן פאָלקלאָר אויכ באשטימטע שיכטן ארבעטער. יעדערער פון די דאָזיקע קלאסן און שיכטן האָט אינעם פאָלקלאָר (אין ליד, מײַסע, ווערטל, א. אז. וו.) אויסגעדריקט זײַנע סאָציאלע שטרעבונגען, זײַן קלאסנ־אידעאָלאָגיע. מיר וועלן, לעמאָשל, פעסטשטעלן א שארפן אונטערשייד צווישן דעם פאָלקלאָרישן ארבעטער־ליד (זאָל זײַן אפילע דעם

---

* אויכ די הערשנדיקע קלאסן אָדער געוויסע שיכטן אין די דאָזיקע קלאסן קאָנען אין באשטימטע פעריאָדן זיין שאפער און געברויכער פון פאָלקלאָר. פאָלקלאָר איז אָבער ניט זייער ספּעציפישער און אײגנטלעכער אויסדרוק־שטייגער, און זיי קומען צו אים אָן אלס שאפער און געברויכער טאקע דערפאר, — ווי ווידערשפּרעכלעכ דאָס זאָל ניט אויסזען, — ווײַל ער איז כאראקטעריסטיש און ספּעציפיש פאר די אונטערדריקטע און עקספּלואטירטע קלאסן. דאָס שאפן און געברויכן פאָלקלאָר האָבן בא די הערשנדיקע קלאסן גאָר אן אנדערע סאָציאלע פונקציע און מיין. דאָס איז בא זיי דעריקער א שאפן פארן „פאָלק״ און ס׳האָט אין יעדן באזונדערן פאל באשטימטע, אמאָל פּראָגרעסיווע און אמאָל רעאקציאָנערע צילן. דאָס געברויכן פאָלקלאָר האָט דאן אויכ א גאנצ ספּעציפישן טײַטאם: אמאָל איז דאָס כוויזעק איבער דער שאפונג פון „נידעריקערע״ קלאסן, אמאָל דער אויסדרוק פון נאציאָנאליזם, אמאָל באטײַט עס די „אראָפּנידערונג״ פון א הערשנדיקן קלאס צום „פאָלק״ און אז. וו.

עלטערנ און נאָכ ניט רעוואָליוציאָנערנ) און דעמ פאָלקלאָרישנ באַלעבאָטעװ ליד, א שאַרפער אונטערשייד איז אויכ פאַראַנ צווישנ דעמ פאָלקלאָרישנ באַלמעלאָכישנ ליד און צווישנ יענע פאָלקלאָרישע לידער, וואָס דריקנ אויס א קרעמערישנ מעהוס.

פאַר דער מאַרקסיסטישער פאָלקלאָריסטיק שטייט איצט דעריבער די אויפגאַבע אויסצו־פאָרשנ די סאָציאַלע דיפערענציאַציע אינעמ פאָלקלאָר. ס'מוז אויסגעקלאָרט ווערנ אינ דער פאָלקלאָרישער שאַפונג די אָפשפיגלונג פונ דער אידעאָלאָגיע פונ פאַרשיידענע קלאַסנ. ס'מוזנ אויפגעדעקט ווערנ די פאַרשיידענע קלאַסנ־טענדענצנ, וואָס קומענ אינ איר צומ אויסדרוק.

ווײַל די כאַראַקטעריסטישע אייגנטלעכע שאַפער און געברויכער פונעמ פאָלקלאָר זײַנענ געוויינלעכ די עקספּלואַטירטע, אונטערדריקטע און אָרעמע קלאַסנ, האָבנ זיכ דע־ריבער אינ אימ אָפטמאָל אָפּגעשפּיגלט די רעוואָליוציאָנערע און בונטאַרישע שטרעבונג־גענ פונ די דאָזיקע קלאַסנ אָפ באַשטימטע שטופּעס פונ זייער קלאַסנ־אַנטוויקלונג. ס'האָבנ זיכ אָבער אינ אימ אויכ אָפּגעשפּיגלט די אָפּגעשטאַנענקײַט, דאָס אומוויסנ און די דערשלאָגנקײַט פונ די דאָזיקע קלאַסנ. אינ די פאָלקלאָרישע אַרבעטער־לידער איז אָפט געקומענ צומ אויסדרוק דער רעוואָליוציאָנערער קעמפנדיקער גײַסט פונ דער קלאַסנ־באַוווסטזיניקער אַרבעטערשאַפט, מיר געפינענ אינ זיי אָבער אויכ אָפּגעשפּיגלט (באַזונ־דערס, אינ די עלטערע פאָלקלאָרישע אַרבעטער־לידער) די האַכנאָע און דערשלאָגנ־קײַט, די דאַלעס־פּסיכאָלאָגיע פונ פּאַופּעריזירטע שיכטנ ערעוו־פּראָלעטאַריאַט — א פּסי־כאָלאָגיע, וואָס איז געקומענ אַלס דירעקטער רעזולטאַט פונ קלאַסנ־אונטערדריקונג. אינעמ רוסישנ פויערישנ פאָלקלאָר געפינענ מיר אָפּגעשפּיגלט די רעוואָליוציאָנערע און בונטאַרישע שטרעבונגענ פונעמ פויערטומ אינ געוויסע פּעריאָדנ (מײַסעס און לידער וועגנ סטענקע ראַזינ, יעמעליאַנ פּוגאַטשאָוו, וועגנ פּריצימ און לײַבאייגנטומ, כויזעק־מײַסעלעכ וועגנ גאַלאָכימ א. אז. וו.), עס איז אָבער אינ אימ אויכ געקומענ צומ אויסדרוק דער „אידיאָטיזמ פונ דאָרפישנ לעבנ" (אַבערגלויבנס, מײַסעס וועגנ שיידימ און רוכעס, רעליגיעזער פאָלקלאָר א.א.וו.), יענע פאַרפינצטערטקײַט און אומוויסנ, אינ וועלכע די פויערשע מאַסנ האָבנ בא דער פּריצישער און בורזשואַזער הערשאַפט געלעבט.

די מאַרקסיסטישע פאָלקלאָריסטיק מוז ווענדנ א באַזונדער אויפמערקזאַמקײַט צו די עלעמענטנ אינעמ פאָלקלאָר, אינ וועלכע ס'ווערט געוועקט דאָס קלאַסנבאַוווסטזײַנ און קלאַסנ־סינע קעגנ די עקספּלואַטאַטערס און אונטערדריקערס. מיר מוזנ פריער פאַר אַלצ אויפזאַמלענ, פאַרעפנטלעכנ און וויסנשאַפטלעכ פאַנאַנדעראַרבעטנ די רעוואָליוציאָנערע און בונטאַרישע טיילנ אינעמ פאָלקלאָר. דער דאָזיקער טייל פאָלקלאָר־ירושע איז פאַר אונדז באַזונדערס וויכטיק.

די בורזשואַזע און קליינבירגערלעכע פאָלקלאָריסטנ, די פאָרשטייער פונ דער „אָב־יעקטיווער" וויסנשאַפט, וואָס קומענ שטענדיק אינ אַזא היספּײַלעס פונ דער „כאָלק־כאָכמע" און פונעמ „פאָלקס־גײַסט", וואָס אידעאַליזירנ דעמ פאָלקלאָרישנ און עטנאָגראַפישנ שטייגער און באַציִענ זיכ צו אימ מיט דער גרעסטער „פּיעטעט", האָבנ אָפּנ זאָרגעוור־דיקסטנ אויפנ אויסגעמיטנ אינ זייער זאַמלונג־און פאָרשונג־אַרבעט די פּראָגרעסיווע, בונ־טאַרישע און אַוואַדע שוינ די רעוואָליוציאָנערע טיילנ אינעמ פאָלקלאָר. דאָס איז ווײַט ניט קיינ צופעליקײַט. ניט צופעליק האָט מענ זיכ אינ דער יידישער (פּונקט אַזוי אויכ אינ דער רוסישער) בורזשואַזער פאָלקלאָריסטיק באַצויגנ מיט אַזא ביטל צומ פאָלקלאָרישנ אַרבעטער־ליד; * ניט צופעליק האָבנ רוסישע בורזשואַזע און פּריצישע

---

* מיט באַדויערנ מוזנ מיר דאָ פעסטשטעלנ, אַז נאָכ אַדאַיאָמ איז אינ דער רוסישער פאָלקלאָריסטיק ניטאָ קיינ איינ ספּעציעלע זאַמלונג פונ רוסישע פאָלק־לאָרישע אַרבעטערשע און רעוואָליוציאָנערע לידער.

פאָלקלאָריסטנ ניט פיקסירט קיינ פויערישע מײַסעס אונ דערציילונגענ וועגנ לײַבייגנ־טומ; ניט צופעליק האָבנ ידישע בורזשואזע אונ קליינבירגערלעכע פאָלקלאָריסטנ קיינמאָל ניט ספּעציעל געזאַמלט יענע ביז צו א געוויסנ גראַד אנטירעליגיעזע מײַסעלעכ, אנעקדאָטנ אונ ווערטלעכ, וווּ ס׳ווערנ אויסגעדריקט ספּייקעס אינ רעליגיע, ווו ס׳ווערט געכויזעקט פונ רעבנ, ראָווז, דאיענ אונ אנדערע קלייקוידעש. פארקערט, גאַנצ זאָרגעוודיק האָבנ די דאָזיקע פאָלקלאָריסטנ אופגעזאַמלט יענע פאָלקלאָר־מאַטעריאַלנ, ווו רעליגיע אונ ביטאָכנ אינ גאָט ווערנ געהויבנ, ווו די פאָרשטייער פונעמ רעליגיעזנ קולט ווערנ אידעאליזירט, — יענע פאָלקלאָר־מאַטעריאַלנ, וואָס דינענ פאר די עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסנ אלס מיטל צו פאַרטעמפּנ דעמ קלאַסנ־באַוווּסטזײַנ פונ די ארבעטנדיקע. אינ דעמ אלעמענ האָט זיכ ארויסגעוויזנ א קלאָרע קלאַסנ־טענדענצ — ארויסגייענדיק פונ די אייגענע קלאַסנ־אינטערעסנ האָבנ די בורזשואזע אונ קליינבירגערלעכע פאָלקלאָריסטנ איגנאָרירט (אינ בעסטנ פאַל) די פּראָגרעסיווע בונטארישע אונ רעוואָלוציאָנערע עלעמענטנ אינעמ פאָלקלאָר אונ פארקערט — אידעאליזירט, דערהייבנ די רעאקציאָנערע צוריקשלעפּנדיקע עלעמענטנ זײַנע.

## 2

באַמ אָפּקלײַבנ אונ צונויפשטעלנ דעמ מאַטעריאַל פונ אונדזער זאַמלונג האָבנ מיר זיכ אָנגעפירט מיט די אופגאַבעס פונ דער מאַרקסיסטישער פאָלקלאָר־פאָרשונג. מיר האָבנ אינזינענ געהאַט, אז איינע פונ די וויכטיקסטע אופגאַבעס פאר דער מאַרקסיסטישער פאָלקלאָריסטיק באַמ פאַרעפנטלעכנ מאַטעריאַלנ איז ארויסברענגענ יענע פאָלקלאָר־שאַפונגענ, וואָס זײַנענ געווענדט קעגנ די עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסנ. מיר האָבנ געשטרעבט אָפּצוקלײַבנ פאר דער דאָזיקער זאַמלונג דעריקער אזעלכע לידער־מאַטעריאַלנ, וואָס זײַנענ פולעט אונ שאַרפ אָנגעזעטיקט מיט סאָציאַלנ אינהאַלט.

דאָס צענטראַלע אָרט אינ אונדזער איצטיקער לידער־זאַמלונג פאַרנעמט די אָפּטיילונג פאָלקלאָרישע ארבעטער־לידער. די דאָזיקע אָפּטיילונג האָבנ מיר אײַנגעטיילט אינ פיר באַזונדערע גרופּעס. אינ דער ערשטער גרופּע ברענגענ מיר מוסטערנ פונעמ עלטערנ פאָלקלאָרישנ ארבעטער־ליד, — לידער, וואָס זײַנענ אַנטשטאַנענ, ווי אונדז דוכט, נאָכ פאַרנ אופקומ פונ דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג צווישנ ידישע ארבעטער. אינ די לידער פונ דער דאָזיקער גרופּע ווערט אָפּגעשפּיגלט די אידעאָלאָגיע פונ דער פאַופּעריזירטער האַנטווערקערישער אָרעמשאַפט, פונעמ נאָכ שוואַכ דיפערענצירטנ ערעוו־פּראָלעטאַריאַט. הונגער אונ וויסטע נויט אָנ אויסזיכטנ אפּ א בעסערער צוקונפט, אָט דאָס איז די הויפּט־טעמע פונעמ עלטערנ פאָלקלאָרישנ ארבעטער־ליד. כאַראַקטעריסטיש פאר דעמ מינ לידער איז די סענטימענטאַלע מאַכטלאָזע קלאָג אפּנ אייגענעמ ביטערנ גוירל, דאָס באַקלאָגנ זיכ אפּנ באַלעבאָס דעמ עקספּלואַטאַטער. אשטייגער:

„שווער אונ ביטער ווי דער טויט,
אזוי איז דאָכ גאָר דעמ ארבעטאָרערס לעבנ,
אוי, אז פאר דעמ טרוקענעמ שטיקעלע ברויט
מוז ער זײַנע קרעפטנ אוועקגעבנ.

אוי, אילע טאָג ווינטש איכ מיר דעמ טויט,
בעסער וואָלט איכ ניט געווענ געבוירנ ווערנ גאָר,
איידער צו לײַדנ אזא ביטערנ נויט.

ס׳מיר פינצטער די טעג, ס׳מיר ביטער די יאָר,
אוי, אלע טאָג ווינטש איך מיר דעם טויט.

אוי, כ׳קום אריַין אינדערפרי און שטעל מיך אוועק
באַם באַלעבאָס אַפ דער טיר
און סמעיע נאָך ניט אויסריידן א הויעך וואָרט,
איך האָב דאָך מוירע, ער זאָל ניט אָפּזאָגן מיר
און זאָל ניט צונעמען א צווייטן אַפ מיַין אָרט״.

(זע וויַיטער ז. 17).

לויטן גרונט־טאָן איז דאָס עלטערע פאָלקלאָרישע ארבעטער־ליד געווייַנלעך דער־שלאָגן און פּעסימיסטיש. פול מיט באַשריַיבונגען פון בלוטיקער עקספּלואַטאַציע און אומענטשלעכער האָרעוואַניע, פון אָרעמקייַט און נויט, איז עס אָבער דעריקער בלויז שטיי־געריש-באַשריַיבנדיק. עס קאָנסטאַטירט פאַקטן און באַקלאָגט זיי. עס וויַיזט אָבער ניט קיין שום אויסוועג, עס האָט ניט אין זיך דערעכקלאָל קיין אויפרופנדיקע פּראָטעס־טירנדיקע טענער. די שוואַך דיפערענצירטע שיכטן פונעם ערעוו־פּראָלעטאַריאַט און פון דער האָרעפּאַשנער אָרעמשאַפט, וועמעס אידעאָלאָגיע דאָס עלטערע פאָלקלאָרישע ארבעטער־ליד שפּיגלט אָפּ, האָבן נאָך פאַר זיך אין זייער הילפלאָזיקייַט דעם איינציק־ריכטיקן וועג — דעם וועג פון רעוואָליוציאָנערן קאַמף קעגן עקספּלואַטאַציע און קעגן דער בורזשואַזער געזעלשאַפט — ניט געזען.

אין די איבעריקע דריַי גרופּעס פון דער אָפּטיילונג ארבעטער־לידער ברענגען מיר לידער וועגן שטריַיקן, וועגן רעוואָליוציאָנערן קאַמף און קאָרבאָנעס פון רעוואָליוציע, די פאָלקלאָרישע רעוואָליוציאָנערע הימנען און געזאַנגען. די דאָזיקע לידער זיַינען אויפגעקומען אונטער דער דירעקטער ווירקונג פון דער רעוואָליוציאָנערער ארבעטער־באַוועגונג און שפּיגלען אָפּ די אידעאָלאָגיע פון דער יידישער ארבעטערשאַפט אין יענער צייַט, ווען זי איז שוין קלאַסן־באַוווסטזיניק און טרעט אריַין איינעם מיטן ארבעטער־קלאַס פון גאַנץ רוסלאַנד אין שלאַכטן קעגן דער הערשנדיקער סאָציאַלער אָרדענונג.

פאַרשיידנערליי דראַמאַטישע געשעענישן פונעם רעוואָליוציאָנערן קאַמף האָבן אָנ־גערעגט און צוגעצויגן צו זיך די פאַנטאַזיע פון דעם ארבעטערשן פאָלקלאָר־שאַפער. ארעסטן, שטריַיקן, סכאָדקעס, אַטענטאַטן, טפיסע, דעמאָנסטראַציעס, קאָרבאָנעס פונעם רעוואָליוציאָנערן קאַמף — אָט דאָס אַלץ האָט געדינט אַלס שטאָף פאַרן נייַעם רע־וואָליוציאָנערן פאָלקלאָרישן ארבעטער־ליד. אין אונטערשייד צום עלטערן פאָלקלאָרישן ארבעטער־ליד, וואָס איז אין גרונט, ווי שוין געזאָגט, פּעסימיסטיש און דערשלאָגן, איז דאָס נייַע פאָלקלאָרישע ארבעטער־ליד אין גרונט אָנגעזאַפּט מיטן סאָציאַלן אָפּטי־מיזם פון א קלאַס, וואָס גייט מוטיק באַרג ארויף און איז זיכער אין זיַינע קאַמפן פאַר א בע־סערער און שענערער צוקונפט.

די רעוואָליוציאָנערע פאָלקלאָרישע ארבעטער־לידער באַהאַנדלען פּאַקטיש אַלע איינ גרויסע טעמע — דאָס איז די טעמע וועגן רעוואָליוציאָנערן קאַמף. און ווי די דאָזיקע טעמע זאָל ניט וואַריִירט ווערן — זאָל דאָס זיַין א ליד וועגן שטריַיק, וועגן ארעסט און טפיסע, אָדער וועגן א דורכגעפאַלענער פאַרזאַמלונג — אומעטום געפינען מיר אַקצענטירט דעם מונטערן רוף צום קאַמף, דעם פעסטן באַשלוס צו קעמפן ביז לעצט. טאַקע דער־פאַר האָבן די רעוואָליוציאָנערע ארבעטער געזונגען די דאָזיקע לידער בײַ דער ארבעט, בעשאַס שטריַיקן, אַפ אומלעגאַלע צונויפקומענישן, אין טפיסע און אין פאַר־שיקונג.

דאָס *רעוואָליוציאָנערע* פאָלקלאָר־ליד — אין דעם איז זײַן גרויסער באַטײַט — האָט זיך אין מעשעך פון יאָרן סיסטעמאַטיש אָפּגערופן אָפּ פאַרשיידנערליי פאַקט און געשעענישן אין דער אַרבעטער־באַוועגונג און גערופן צו אַקטיווען קאַמף קעגן דער הערשנדיקער אָרדענונג. אַלס אַ מיטל פון פּראָלעטאַרישן קאַמף, האָט עס געהאָלפן צו אָרגאַניזירן דעם רעוואָליוציאָנערן באַוווּסטזײַן פונעם ייִדישן אַרבעטער. שטרײַקן, רעוואָליוציאָנערע פאַרזאַמלונגען, דעמאָנסטראַציעס, פאַרשיקונג, רעוואָליוציע פון 1905 יאָר קריגן זייער אָפּשפּיגלונג אינעם דאָזיקן ליד. ווי מאָדנע דאָס זאָל ניט קלינגען, אָבער ס׳איז אַ פאַקט, און דאָס מוזן מיר געדענקען, אַז אין הינזיכט פון אָפּשפּיגלען די רעוואָליוציע פון 1905 יאָר איז דאָס פאָלקלאָר־ליד געווען אַסאַך פּראָגרעסיווער, פאָרויסגעשריטענער, רעוואָליוציאָנערער פון דער *ליטעראַרישער* דיכטונג אין יענע יאָרן. די ייִדישע ליטעראַרישע דיכטונג פון אַרום 1905 יאָר, אַפילו די קלוימערשט „רעוואָליוציאָנערע״, איז געשטאַנען אונטער דער ווירקונג פון פאַרשיידנערליי קליינבירגערלעכע ייִדישע פּאַרטייען, איז געווען אָנגעשטעקט מיט זייער אידעאָלאָגיע און האָט זיך קימאַט ווי ניט צוגערירט צו דער טעמע וועגן רעוואָליוציאָנערן קאַמף אין איר קאָנקרעטקײַט. אין יענע גאַנצן זעלטענע פאַלן ווען זי האָט עס יאָ געטאָן, איז זי אויך קיינמאָל ניט געווען דורכגעדרונגען מיט אַזאַ אַנטשלאָסנקײַט, שאַרפקײַט און אויסגעהאַלטנקײַט, מיט אַזאַ ליבע צו רעוואָליוציע, מיט אַזויפיל פּאַטאָס פאַר רעוואָליוציאָנערער טאַט, ווי דאָס רעוואָליוציאָנערע פאָלקלאָרישע ליד. אַזאַ אַנטשלאָסנקײַט און אויסגעהאַלטנקײַט, אַזאַ ליבע און פּאַטאָס פאַר רעוואָליוציע האָבן מיר אין דער פאַראָקטיאַבערישער ייִדישער דיכטונג באַגעגנט בלויז אין די לידער פון ווינטשעווסקי, עדעלשטאַט און באָווּשאָווער.

פון דעם ווערט קלאָר יענער גרויסער באַטײַט, וואָס עס האָבן פאַר אונדז די רעוואָליוציאָנערע פאָלקלאָרישע לידער, די דאָזיקע דאָקומענטן און דענקמעלער פון פּראָלעטאַרישן קאַמף. פאַר דער פּראָלעטאַרישער קולטור, פאַר דער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור־קענטעניש האָט דאָס רעוואָליוציאָנערע פאָלקלאָרישע געזאַנג פּרינציפּיעל דעם זעלבן באַטײַט, ווי די דיכטונג פון ווינטשעווסקי, עדעלשטאַט, באָווּשאָווער, און אָפּטמאָל, — אַפּ וויפל אַ גרויסער טייל פון די רעוואָליוציאָנערע פאָלקלאָר־לידער איז אויפגעקומען *דירעקט* אין די אַרבעטער־מאַסן, — אַפילו אַ גרעסערן. און שטעלן מיר אַזוי די פראַגע ווערט שוין פאַר אונדז בעמ״לע קלאָר, אַז אין געוויסע פּראָטים וועט די ייִדישע פּראָלעטאַרישע דיכטונג דאַרפן ציען אי׳ יִכעס־בריוו ניט נאָר פון דער ווינטשעווסקי־עדעלשטאַט־באָווּשאָווער־דיכטונג, נאָר אויך פון יענער פאָלקלאָרישער אַרבעטער־דיכטונג, וואָס איז אָפּטמאָל געווען דורכגעדרונגען מיט די בעסטע שטרעבונגען און שענסטע אידעאַלן פונעם פּראָלעטאַריאַט.

## 3

אין פּראַט פון ריכטיקן פאַרשטיין און שאַצן דעם באַטײַט פון רעוואָליוציאָנערן פאָלקלאָר־ליד, אין פּראַט פון ריכטיקן אויסנוצן אים צוליב צוועקן פון רעוואָליוציאָנערן קאַמף האָבן מיר זיך אַסאַך צו לערנען בײַ די גרונטלייגער פונעם מאַרקסיזם — בײַ מאַרקסן און ענגעלסן.

סײַ מאַרקס, סײַ ענגעלס האָבן בײַ פאַרשיידענע פאַלן אויסגענוצט אין זייער אַרבעט רעוואָליוציאָנערע פאָלקלאָר־לידער אַלס וויכטיקע מאַטעריאַלן און אַגיטאַציע־ווערק. ווען מאַרקס וויל אין זײַנעם אַן אַרטיקל אויפווײַזן דעם טעאָרעטישן און באַוווּסטזיניקן כאַראַקטער פונעם אויפשטאַנד פון די שלעזישע וועבער (1844), פאַרופט ער זיך דערבײַ פריער פאַר אַלץ אָפּן פּאָפּולערן פאָלקלאָרישן ליד פון די שלעזישע אויפשטענדלער,

אפנ דאָזיק: „דריַיסטנ קאמפּ־רוס“, אינ וועלכנ „דער פּראָלעטאריאט האָט שארפ, קלאָר, זומבעט־אכמאָנעסדיק אונ מעכטיק דערקלערט פאר אלעמענ וועגנ זיַינ קעגנזועצלעכקיַיט צו דער געזעלשאפט פונ פּריוואט־אייגנטומ“ (מארקס). *

דעמ 5־טנ פעווראל 1865 פארעפנטלעכט ענגעלס אינ דער ציַיטונג „סאָציאל־דעמאָקראט“ זיַינע אנ איבערזעצונג פונ אנ אלט־דענישנ רעוואָליוציאָנע־נ פויערשנ פאָלקליד. ** אינ זיַינ בריוו צו מארקסנ פונ 27 יאנוואר 1865 יאָר שריַיבט ער וועגנ דעמ: „כ׳שיק די דאָזיקע ליַיט (ד. ה. דער רעדאקציע „סאָציאל־דעמאָקראט“. ז.ס.) א קליינ דעניש פאָלקליד וועגנ טידמאנענ, וועלכנ עס הארגעט אנ אלטער אפנ טינג דערפאר, וויַיל ער לייגט ארופ אפ די פויערימ נייע שטיַיערנ. עס איז רעוואָליוציאָנער, אונ דאָך קענ מענ קעגנ דעמ ניט אופהייבנ קיינ געריכט־אינינע. דעריקער איז עס געווענדט קעגנ פעאָדאלנ אדלטומ, קעגנ וועלכנ די ציַיטונג מוז אומבאדינגט ארויסטרעטנ“. *** אינ זיַינע באמערקונגענ צומ ליד שריַיבט ענגעלס: „דאָס ליד דערציילט וועגנ דעמ, ווי די פויערימ האָבנ געוווסט צו מאכנ אנ עק צו די באדריקונגענ פונ די אדל־ליַיט. אינ אזא לאנד ווי דיַיטשלאנד, וווּ אינעמ באזיצנדנ קלאס איז פּונקט אזויפיל פעאָדאל־אדלטומ, ווי בורזשואזיע, אונ אינעמ פּראָלעטאריאט אזויפיל לאנדווירטשאפט־פּראָלעטאריער, ווי אינדוסטריעלע ארבעטער, אונ אפילע נאָך מערער, וועט דאָס דאָזיקע קרעפטיקע פויערנ־ליד זיַינ פּונקט צומ אָרט“.

ס׳איז דאָ אויכ וויכטיק צו דערמאָנענ מיט וואָסער באזונדערער ליבע ס׳האָט זיכ באצויגנ צומ רעוואָליוציאָנערנ געזאנג וו. אי. לענינ. אָט וואָס עס שריַיבט וועגנ דעמ וול. באָנטש־ברויעוויטש אינ זיַינ ארטיקל „לענינ וועגנ פּאָעזיע. ****

„...ס׳איז אויכ גאנצ וויל באוווסט, אז וולאדימיר איליטש האָט זייער ליב געהאט דעמ רעוואָלוציאָנערנ געזאנג, פלעגט שטענדיק אינ אימ אָנטייל נעמענ, פלעגט לייענענ נייע רעוואָליוציאָנערע לידער אונ האָט שנעל פארגעדענקט יענע פונ זיי, וואָס זיַינענ געווענ באזונדער פּאָפּולער, יענע, וואָס מע פלעגט צו זיי צופּאסנ מוזיק, אינ וואָס מע פלעגט זיי זינגענ אינ פארשיקונג, אפ ארבעטער־פארזאמלונגענ, אינ דער עמיגראציע“.

וועגנ לענינס אָנשויונגענ אפנ פאָלקלאָר דערציילט באָנטש־ברויעוויטש אינ דעמ זעלבנ ארטיקל:

„שוינ דאָ אינ מאָסקווע, נאָכ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, דערמאָנט זיכ מיר, ווי וולאדימיר איליטש, וואָס האָט שטענדיק שטודירט דאלס רוסישנ ווערטערבוכ (דער דאָזיקער ווערטערבוכ איז שטענדיק געשטאנענ בא אימ אפ דער עטאזשערקע לעבנ טיש), האָט זיכ פארינטערעסירט מיט די ווערטלעכ אונ שפּריכווערטער, וואָס ווערנ בא דאלנ געבראכט. איכ געדענק איצט ניט וויאזוי דאָס איז פאָרגעקומענ, נאָר ס׳איז בא אונדז אויפּ א געשפּרעכ וועגנ פאָלק־עפּאָס, אונ ווענ איכ האָב געזאָגט וולאדימיר איליטשנ, אז בא מיר אינ ביבליאָטעק זיַינענ פאראנ גאנצ גוט צוזאמענגעקליבענע ביכער מיט בילינעס, פאָלק־לידער אונ מיַיסעס, האָט ער מיר גליַיכ געפרעגט, צי קענ איכ אימ זיי ניט געבנ דורכקוקנ. פארשטייט זיכ, אז איכ האָב מיט גרויס פרייד אויסגעפילט

* זע וועגנ דעמ אינ פ. שילערס ארטיקל «Гейне и Маркс»—«Литература и Марксизм» № 6, 1932.

** די רוסישע איבערזעצונג פונעמ דאָזיקנ ליד אינאיינעמ מיט ענגעלסעס באמערקונגענ צו דעמ איז פארעפנטלעכט אינ זשורנאל «Борьба классов» נומער 4 פאר 1932 יאָר.

*** זע К. Маркс и Ф. Энгельс, Сборник избр. писем под. ред. Адоратского. Гиз, 1931, Стр. 147.

**** „На лит. посту“ № 4, 1931, стр. 4

די דאָזיקע ביטע· די ביכער האָב איך אָבער געבראַכט ניט פונ מײַנ ביבליאָטעק, וואָס איז דעמאָלט געלעגנ א פארפּאַקעװעטע אינ קעסטלעכ (דאָס איז געווענ בעשאַס דעם איבערפאָרנ פונ פּעטראָגראַד קײנ מאָסקווע) — איכ האָב זײ גענומענ בא דעמיאַנ ביעד־נינ פונ זײַנ בעעמעס אויסגעצייכנטער זאמלונג.

אונ שוינ אינ דעם זעלבנ אָוונט האָב איך געזענ, ווי װלאַדימיר איליטש האָט אויפמערקזאַם· געלייענט דעמ סמאָלענסקער עטנאָגראַפישנ זאמלבוכ. צונויפגעשטעלט פונ װ. נ. דאָבראָוואָלסקי.

— ס'ארא אינטערעסאַנטער מאַטעריאַל,—האָט ער מיר געזאָגט אינדערפרי, ווענ איך בינ צו אים אריַינגעקומענ, — כ'האָב אפ גיכ דורכגעקוקט די דאָזיקע ביכלעכ, נאָר איך זע, אז ס'פעלנ אפּאָנעם הענט אָדער װילנ, קעדיי אָט דאָס אלצ צו פארזאלגע־מיינערנ, קעדיי דאָס דורכצוקוקנ פונ סאָציאַל־פּאָליטישנ שטאַנדפּונקט. מע וואָלט דאָכ אפנ גרונט פונעמ דאָזיקנ מאַטעריאַל געקאָנט אָנשרייַבנ אנ אויסגעצייכנטע אויספאָר־שונג וועגנ די האָפענונגעַנ אונ דערוואַרטונגענ פונ פאָלק. טוט א קוק, — אינ אָנטשר־קאָווס מייַסעלעכ, וואָס איכ האָב דורכגעבלעטערט, — ס'זיַינענ דאָכ דאָ פאראנ אויסגע־צייכנטע ערטער. אָט אפ וואָס מע וואָלט באדארפט ווענדנ די אויפמערקזאמקיַיט פונ אונדזערע ליטעראַטור־היסטאָריקער...“

לענינ, וואָס האָט אזוי געשאצט דעם ווערט פונ פאָלקלאָר, האָט אָבער אויכ שארפ אונטערגעשטראָכנ די רעאַקציאָנערע עלעמענטנ זײַנע. אינ איינעם פונ זיַינע בריוו צו גאָרקינ שרײַבט ער:

„Народное“ понятие о боженьке и божецком есть „народная“ тупость, забитость, темнота, совершенно такая-же как „народное представление“ о царе, о лешем, о таскании жен за волосы“ (Ленинский сборник I, стр. 159).

(די „פאָלק“־פאָרשטעלונג וועגנ גאָטעניו אונ געטלעכנ — דאָס איז „פאָלק“־טעמפּקייט־ פארשלאָגנקייט, פינצטערניש, פונקט אזא פינצטערניש ווי די „פאָלק־פאָרשטעלונג“, וועגנ קײסער, גישט־גוטנ, וועגנ שלעפּנ די וויַיבער פאר די האָר“).

## 4

אדאנק דער אקטיווער ארבעט פונ אלע אונדזערע קאָרעספּאָנדענטנ (דאָ מוז באזונדערס באצייכנט ווערנ די פּראָדוקטיווע אונ רעגולערע מיטארבעט פונ די ככ' ש. קופּערשמיד אונ א. לעוויצקי) האָט זיכ אונדז איַינגעגעבנ צונויפצוזאמלענ א פארהעלטניסמעסיק־היפּשע זאמלונג פאָלקלאָרישע ארבעטער־לידער. אָבער די צוויי ביז איצט דערשינענע גרעסערע זאמלונגענ פאָלקלאָרישע ארבעטער־לידער — ש. לעהמאַנס „ארבעט אונ פריַיהײַט“ אינײנעם מיט אונדזער איצטיקער זאמלונג — שעפּנ ווייַט ניט אויס דעם גאנצנ פאראנענעמ מאטעריאַל. אויסשעפּנ דעם דאָזיקנ מאטעריאַל איז א באדייַטנדיקער מאָס קאָנ מענ בלויז בא א פּלאַנמעסיקער סיסטעמאַטיש־געפירטער זאמל־ארבעט. אזא ארבעט מוז איצטער אונדזער פאָלקלאָריסטיק דרינגענד אָרגאַניזירנ, ווײַל אינײנעם מיטנ זיג פונ סאָציאַליזמ פארלירנ זיכ אינ אונדזער פארבאנד אלע רעשטנ פונ אלע מינימ פאָלקלאָר. ס'וועלנ נאָכ דארפנ קומענ באזונדערע גרעסערע אונ קלענערע זאמלונגענ ארבעטער־לידער. אינ א צייַט ארום וועט זיכ פאר אונדז מוזנ אומבאדינגט שטעלנ די פראגע וועגנ א פולער באזונדערער אויסגאבע פונ אלע אינ פארשיידענע ערטער פארעפנטלעכטע ארבעטער־לידער. די רעוואָלוציאָנערע פאָלקלאָרישע

לידער, וואָס האָבנ געוועקט דעמ קלאסנ־באַוווסטזײַנ פונ ארבעטער אונ אימ גערופנ צומ קאמפ, פארדינענ פונ אונדזער זײַט די גרעסטע אופמערקזאמקײַט.*

מיט אסאכ א קלענערער צאָל מוסטערנ (סאכאקל 10 נומערנ) איז אינ אונדזער זאמלונג פאָרגעשטעלט דאָס פאָלקלאָרישע ליד וועגנ באלמעלאָכישנ שטייגער. די צאָל ביז איצט פארעפנטלעכטע יידישע פאָלקלאָרישע לידער, וואָס שפיגלענ אָפ דעמ באלמעלאָכישנ שטייגער, איז זייער א קליינע. אונדז דוכט אָבער, אז ס׳וועט זײַנ ניט ריכטיק דערפונ צו מאכנ דעמ אויספיר, אז די צאָל לידער וועגנ באלמעלאָכישנ שטייגער איז ביכלאל געווענ זייער א קליינע. דער באלמעלאָכע געהער דאָכ צו די צענטראלסטע פיגורנ צווישנ די שאפער אונ געברויכער פונ פאָלקלאָר. מע דארפ רעכענענ, אז די קליינע צאָל ביז איצט פארעפנטלעכטע לידער וועגנ באלמעלאָכישנ שטייגער נעמט זיכ דערפונ, וואָס מע האָט די דאָזיקע לידער אפ קיינ סיסטעמאטישנ, פלאנמעסיקנ אופנ קיינמאָל ניט געזאמלט.

וועגנ אידעאָלאָגישנ אינהאלט אונ כאראקטער פונ דעמ ארט לידער קאָנענ מיר שוינ אינ א געוויסער מאָס אורטיילנ אויכ איצט אפילע בא דער קליינער צאָל ביז איצט פארעפנטלעכטע מאטעריאלנ. ס׳איז קעדײַ, לעמאָשל, פונ דעמ שטאנדפונקט צו פארגלײַכנ צוויי לידער אינ אונדזער איצטיקער זאמלונג: דאָס ליד פונ א שנײַדערשנ ארבעטער־יינגל (ז. 18 נומ. 3) מיטנ ליד פונ א שנײַדער א באלמעלאָכע, וואָס ארבעט בא זיכ. דאָס שנײַדער־יינגל קלאָגט אפנ ביטערנ לעבנ זײַנעמ באמ באלעבאָס, ער איז הונגעריק, קראנק, ניט אויסגעשלאָפנ. זײַנ ליד איז א קלאָג־ליד. דער שנײַדער־באלעבאָס דאגעגנ פארכלינעט זיכ מאמעש אינ זעלבסטצופרידנקײַט פונ א קליינ־אייגנטימער, וואָס עס גייט אימ, קיינײַנאָרע זייער גוט, גוט. ער רופט אויס:

„אלע לײַטישע מענטשנ זאָלנ זיכ באקלערנ,
האָבנ זיי געדארפט שנײַדער ווערנ.
א שנײַדער איז א שיינע מעלאָכע
אונ קומט ארויס פונ שיינער מישפּאָכע.

א שנײַדער, א שנײַדער איז גוט צו זײַנ,
ער פארדינט א קערבל זייער פײַנ.
א פינגערהוט מיט דער נאָדל
פארדינט ער א קערבל בעקאָוועד גאָדל.

מע קלינגט מיר אָנ אינ דער טיר,
גייט א זאקאזטשיק אנטקעגנ מיר.
אונ די שטיוועלעכ אויסגעפוצט,
אונ ער פרעגט, ווי א שנײַדערל זיצט. (ז. ווײַטער, ז. 89)

א פאָר באמערקונגענ וועגנ דער אָפטיילונג „לידער פונ דער רוסיש־יאפאָנישער אונ אימפעריאליסטישער מילכאָמע״. די אימפעריאליסטישע בלוט־באָד, אינ וועלכער ס׳זײַנענ אומגעקומענ מיליאָנענ ארבעטנדיקע, האָט געקריגנ אנ אָפשפיגלונג אויכ אינעמ פאָלקלאָרישנ ליד. דאָס איז נאטירלעכ. די מילכאָמע האָט דאָכ בלוטיק אָנגערירט, אינ איר האָבנ אינ דער ערשטער ריי אונ איבערהויפט אָנטייל גענומענ אונ געליטנ

---

* די אלע פראָבלעמענ, וואָס זײַנענ שײַעכ צומ פאָלקלאָרישנ ארבעטער־ליד באהאנדל איכ גענויער אינ מײַנ ארבעט „וועגנ פאָלקלאָרישנ ארבעטער־ליד״, געדרוקט אינ דער זאמלונג „פראָבלעמעס פונ פאָלקלאָריסטיק״, I, קיעוו, 1932.

די ברייטסטע ארבעטנדיקע מאסן, יענע מאסן, וואָס פאָלקלאָר איז ביז צו א געוויסן צייט־פונקט איינער פון זייערע ספּעציפישע שאפונג־אויסדרוקן. כוץ ניי־געשאפענע מילכאָמע־לידער האָט מען אין די מילכאָמע־יאָרן געזונגען און ווארייִרט עלטערע סאָלדאַטישע לידער. דאָס ליד נומ. 1, לעמאָשל (אופגענומען פון דער אנסקי־עקספּעדיציע אין יאָר 1912), וואָס מע האָט עס געזונגען נאָך אין דער מילכאָמע פון 1905, איז אויך געווען איינס פון די פּאָפּולערסטע לידער אין דער מילכאָמע פון 1914—1918.

אינעם פאָלקלאָרישן מילכאָמע־ליד איז געקומען צום אויסדרוק די דערשלאָגנקייט און פארלוירנקייט, וואָס האָט ארומגעכאפּט די ברייטע שיכטן פון דער האָרעפּאשנער אָרעמקייט, יענע הילפלאָזיקייט און צעטומלטקייט, מיט וועלכער די דאָזיקע שיכטן זיינען געשטאנען פארן גרויל און שרעק פון דער אימפּעריאליסטישער מילכאָמע. יאָמער און קלאָג,*— דאָס זיינען די כאראקטעריסטישע מאָטיוון פונעם מילכאָמע־ליד. קלאָג פון סאָלדאַטן, וואָס זיינען פארוואָרפן אָפּ ווייטע פּאָזיציעס, קלאָג פון פרויען און קינדער, אָרעמע מוטערס, אלמאָנעס, וואָס מע האָט בא זיי צוגענומען זייערע איינציקע ברויטגעבער. לויט זייער אידעאָלאָגישן אינהאלט זיינען די דאָזיקע לידער דורכויס קליינבירגערלעכע.

אין דער לעצטער גרופּע „לידער פון שטייגער" האָבן מיר אויסגעטיילט פון זייער רייכן ניט־פארעפנטלעכטן מאטעריאל א גרופּע פאָלקלאָר־לידער, וואָס זיינען כאראקטעריסטיש מיט זייער טיפּיש קליינבירגערלעכן און בירגערלעכן אינהאלט. די דאָזיקע גרופּע האָבן מיר דאָ געבראכט א״ס אנטקעגנשטעלונג, קעדיי בולעטער אונטערצושטרייכן די סאָציאלע דיפערענצירונגען אינעם פאָלקלאָר־שאפן.

## 5

מיט דער פאָרליגנדיקער זאמלונג פאָלקלאָר־לידער טרעט צו די עטנאָגראפישע סעקציע באם אינסטיטוט פאר יידישער פּראָלעטארישער קולטור צום סיסטעמאטישן פארעפנטלעכן געוויסע טיילן פון איר פאָלקלאָר־ארכיוו. א פּאָר באמערקונגען וועגן דעם דאָזיקן ארכיוו, וואָס פארמאָגט איצט באדייטנדיקע זאמלונגען פאָלקלאָר־לידער, פאָלקלאָר־מייסעס, ווערטלעך, אנעקדאָטן א. אז. וו.

פאָלקלאָר און עטנאָגראפיע־מאטעריאלן האָבן אָנגעהויבן אָנקומען פון פארשיידענע זאמלער גלייך נאָך דעם, ווי ס׳האָט זיך אָרגאניזירט די קאטעדרע פאר יידישער קולטור, וואָס איז שפּעטער רעאָרגאניזירט געוואָרן אינעם אינסטיטוט פאר יידישער פּראָלעטארישער קולטור בא דער אלוקראינישער וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע. סאָף 1929 יאָר ווערט באם אינסטיטוט געגרינדעט די עטנאָגראפישע סעקציע און די אלע ביז דעמלט צונויפגעזאמלטע פאָלקלאָר־און עטנאָגראפיע־מאטעריאלן גייען איבער אין רעשוס פון דער דאָזיקער סעקציע. פאר די צוויי יאָר פון איר עקזיסטענץ ווערט די עטנאָגראפישע סעקציע באריייכערט מיט זאמלונגען פון אירע אקטיווע זאמלער־קאָרעספּאָנדענטן (באזונדערס דארף דאָ אונטערגעשטראָכן ווערן די אקטיווע זאמל־ארבעט פון כ׳ ש. קופּערשמיד, וואָס האָט דער עטנאָגראפישער סעקציע צוגעשיקט פאר דער צייט פון איר עקזיסטענץ אריבער 300 פאָלקלאָר־לידער) און דורך דירעקטע אופנאמעס פון אירע אייגענע מיטארבעטער. אין רעשוס פון דער עטנאָגראפישער סעקציע זיינען אויך אריבערגעגאנגען עטלעכע פאָלקלאָר־זאמלונגען פון דער ליקווידירטער בורזשואזער היסטאָריש־עטנאָגראפישער געזעלשאפט אין לענינגראד (צווישן זיי אויך אייניקע מאטעריאלן

---

* אגעוו וועלן מיר דאָ פארצייכענען, אז די מילכאָמע־לידער פלעגן אָפּט געזונגען ווערן פון בעטלער, וואָס האָבן מיטן שילדערן די מילכאָמע־אומגליקן געוועקט צו זיך ראכמאָנעס בא זייערע צוהערער.

פונעם אנסקי־ארכיוו)· פינ די אלע זאמלונגענ אונ פאָנדנ באשטייט איצט דער פאָלקלאָר־ארכיוו בא דער עטנאָגראפישער סעקציע.

אינ דער דאָזיקער זאמלונג, וואָס מיר ברענגענ פאר דער עפנטלעכקייט, האָבנ מיטגעארבעט אלס **זאמלער** די ח״ח: ש. קופערשמיד, א. לעוויצקי, כ. רייכשטיינ, ב. גוטיאנסקי, מ. בערעגאָווסקי, י. טשערניאק, ז. סקודיצקי, ארגוס־פאָסטאָוועלסקי, פ. כאַראָוועצער, ד. גאָראָכאָווסקאיא, ס. סטראָקאָווסקי, מ· דיאמאנט, א. געלבמאנ, ש. שינדערמאנ, י. פ״ק, טראסטיאנעצקי, מ. גערשענזאָנ, אי. מארגאָלינ. מיר האָבנ פאר דער זאמלונג אויכ אויסגענוצט אייניקע מאטעריאלנ פונעם ארכיוו פונ דער ליקווידירטער היסטאָריש־עטנאָגראפישער געזעלשאפט אינ לענינגראד (דעריקער די מאטעריאלנ פונ דער אנסקי־עקספעדיציע). בא יעדנ ליד גיבנ מיר אָנ **פונויבנ** דעם נאָמענ **פונעמ זאמלער**, די מאטעריאלנ פונ דער היסטאָריש־עטנאָגראפישער געזעלשאפט באצייכענענ מיר פונויבנ מיטנ אופשריפט „מאטעריאל פונ דער היסט. עטנאָגר. געזעלשאפט״. אויב דאָס געגעבענע ליד געהער ספּעציעל צומ אנסקי־ארכיוו, באצייכענענ מיר עס מיט אנ אופשריפט „פונ אנסקיס ארכיוו״. אונטער די ליד־טעקסטנ ברענגענ מיר געוויינלעכ די נעמענ פונ די מענטשנ, בא וועלכע די טעקסטנ זיינענ פארשריבנ געוואָרנ, ווי וויִט באוווּסט אויכ יעדיעס וועגנ זיי.

די מאטעריאלנ, וואָס מיר האָבנ באקומענ פונ אונדזערע זאמלער, ווי אויכ די מאטעריאלנ פונ דער היסטאָריש־עטנאָגראפישער געזעלשאפט זיינענ ניט געווענ סיסטעמאטיזירט אונ ביבליאָגראפיזירט אונ האָבנ מיט זיכ פאָרגעשטעלט בלויז וויסנשאפטלעכנ רוימאטעריאל אינ געוויסנ זינ פונ וואָרט. אונדזער אופגאבע בא דער איצטיקער זאמלונג איז געווענ: אָפּקלייבנ פונ די געזאמלטע פאָנדנ די אנטשפּרעכיקע לידער לויט באשטימטע פרינציפּנ, זיי דורכקאָנטראָלירנ, „ביבליאָגראפיזירנ״, איינטיילנ אינ אָפּטיילונגענ, באגלייטנ מיט הערות א. אז. וו.

די עטנאָגראפישע סעקציע האָט זיכ ניט געקאָנט שטעלנ אפנ שטרענגנ שטאנדפונקט פונ א טייל זאמלער אירע, וואָס האָבנ פארלאנגט, אז זייערע זאמלונגענ זאָלנ געדרוקט ווערנ גאנצערהייט, אינ דעם אויסזעג, ווי זיי האָבנ זיי צוגעשיקט צו דער סעקציע. דאָס וואָלט אומפארמיידלעכ געבראכט צו דעמ, אז עס זאָל פארעפנטלעכט ווערנ א היפּשער טייל טעאטער־קופּלעטנ, פסעוודאָ־פאָלקלאָר־לידער, גראפאָמאנישע איבערזעצונגענ אונ שוינ לאנג געדרוקטע פאָלקלאָרישע אונ ליטערארישע לידער, וואָס געפינענ זיכ געוויינלעכ אינ א זאמלונג פונ א מיטל־געניטנ זאמלער. אונדזערע זאמלער מוזנ נעמענ אינ אכט, אז דרוקנ קאָנ אונ וועט די עטנאָגראפישע סעקציע בלויז יענע פאָלקלאָרישע מאטעריאלנ, וואָס האָבנ אנ אקטועלנ וויסנשאפטלעכנ אינטערעס, כאָטש אופהיטנ אונ צוגרייטנ פאר וויסנשאפטלעכער פאָרשונג וועט זי אלצ, ווייל פאר וויסנשאפטלעכער פאָרשונג איבער פאָלקלאָר האָבנ א באטייט ניט נאָר אלע פאָלקלאָר־דערשיינונגענ, נאָר אָפטמאָל אויכ אפילע די פארשיידנערליי קופּלעטנ, טעאטער־לידער, פסעוודאָ־פאָלקלאָר־לידער א. א. וו.

שוינ האָבנדיק אָפּגעקליבנ דעם געהעריקנ מאטעריאל פונ פארשיידענע זאמלונגענ, האָבנ מיר אויכ געהאלטנ פאר ניט צוועקמעסיק אים צו פארעפנטלעכנ אינ פאָרמ פונ באזונדערע זאמלונגענ פונ אייניקע קאָרעספּאָנדענטנ· אזא אופנ פונ פארעפנטלעכנ וואָלט געבראכט צו אנ איבעריקער צעדרויבלונג פונעם מאטעריאל אינעם בוכ גופא. די פאָלקלאָרישע ארבעטער־לידער, לעמאָשל, וואָלטנ דעמלט געווענ צעוואָרפנ אינ זעקס־זיבנ באזונדערע ערטער אונ דערפונ וואָלט געליטנ יעדער איינער. וועמענ ס׳וואָלט אויסגעקומענ מיט די דאָזיקע לידער זיכ צו באנוצנ.

די מאטעריאלנ, וואָס מיר ברענגענ איצט, ווערנ פארעפנטלעכט אינ דער ליטעראַרישער טראנסקריפּציע. דאָס איז דערפאר, ווייל זיי זיינענ אינ דער גרעסטער מערהייט

צונויפגעזאמלט געוואָרנ ניט דורכ פאכלײַט־פאָלקלאָריסטנ, נאָר דורכ זאמלער־קאָרעס־פאָנדענטנ, שילער א. אז. וו. פארשטייט זיכ, אז די דאָזיקע כאווייריממ זײַנענ ניט געווענ צוגעגרייט צו פארשרײַבנ די מאטעריאלנ פאָנעטיש, וואָס איז ביכלאַל געגומענ ניט פונ די גרינגע זאכנ אונ פאָדערט גרויסע אָנשטרענגונגענ אונ געניטשאפט אפילע באמ געשולטנ פאכמאנ-פילאָלאָג. אגעוו, האלטנ מיר, אז ס'איז ביכלאַל א גרויסער סאָפעק, צי איז טאקע צוועקמעסיק צו פארעפנטלעכנ פאָלקלאָר־מאטעריאלנ דאַפקע אינ דער פאָנעטישער טראנסקו׳יפציע. די פאָנעטישע טראנסקריפציע פונ פאָלקלאָר־לידער קאָנ ע פ ש ע ר האָבנ אנ אינטערעס (דאָס איז נאָכ אויכ א פראגע, וואָס מע דארפ זי אויפקלאָרנ) פאר דער פילאָלאָגישער פאָרשונג, זי פארשמעלערט אָבער אומפארמײַדלעכ דעמ קרײַז פארשרײַבער פונ די דאָזיקע מאטעריאלנ.

אונדזערע זאמלער האָבנ ניט שטענדיק אָנגעגעבנ דאָס אָרט, ווו זיי האָבנ דאָס אָדער יענצ ליד פארשריבנ, די סאָציאַלע לאגע, עלטער, בילדונגס־גראד פונעמ זינגער א. אז. וו. אז די דאָזיקע יעדיעס זײַנענ וויכטיק פארשפאָרט מענ אסאכ צו דערווײַזנ. עס וואָלט אָבער געווענ א נאָנסענס ניט צו פארעפנטלעכנ אינטערעסאנטע אונ וויכטיקע מאטעריאלנ בלויז דערפאר, ווײַל זיי זײַנענ ניט באגלייט מיט די נייטיקע יעדיעס וועגנ זינגער.

ברענגענדיק די מאטעריאלנ דערעכקלאַל ליטעראריש טראנסקריבירט, האָבנ מיר דאָכ אָפּגעהיט דעמ פאָנעטישנ פרינציפ באמ איבערגעבנ דיאלעקט-גראמענ (פינקענ (פונקענ) — ווינקענ, ריכ (רעכ) — שיכ א. אז. וו.). מיר האָבנ אויכ אויפגעהיט יענע באזונדערע אייגנטימלעכקײַטנ אינ דער אויסשפּראכ פונ ווערטער, וואָס קומענ פאָר נאָר באמ זינגענ (אזוי, לעמאָשל, דאָס וואָרט „ליבנ" אָנשטאָט „לעבנ" אינעמ ליד נומ. 8 פונ דער ערשטער אָפּטיילונג, פארשריבנ פונ כ' קופערשמיד).

די נאָטנ צו א היפשער טייל לידער פונ אונדזער איצטיקער זאמלונג וועלנ אינגיכנ פארעפנטלעכט ווערנ אינאײנעמ מיט אנדערע מוזיקפאָלקלאָרישע מאטעריאלנ אינ א ספעציעלנ זאמלבוכ מוזיקאלישנ פאָלקלאָר, וואָס עס האָט צוגעגרייט אונ איבערגעגעבנ צומ דרוק אונדזער עטנאָגראפישע סעקציע.

מיר האלטנ לעסאָפ ווידעראמאָל פאר נייטיק אונטערצושטרײַכנ, אז בלויז אדאנק דער אקטיווער מיטארבעטערשאפט פונ אלע אירע קאָרעספּאָנדענטנ האָט זיכ דער עטנאָגראפישער סעקציע אײַנגעגעבנ ברענגענ די דאָזיקע מאטעריאלנ פאר דער עפנטלעכקײַט. *

ז. סקודיצקי.

קיִעוו, מײַ, 1932.

---

* איכ דריק דאָ אויס מײַנ טיפנ דאנק דעמ כאווער מ. ווינער, אונטער וועמעס אָנפירונג כ'האָב געארבעט איבער דער דאָזיקער זאמלונג.

## קירצונגען, וואָס ווערן גענוצט אין בוך

באסטאָמסקי — באם קוואל... ייִדישע פאָלק־לידער. געזאמלט, דער־קלערט און איבערגעגעבן צום דרוק מיט א פאָרוואָרט פון ש. באסטאָמסקי, ווילנע 1923 יאָר.

ג. מ. — Еврейские народные песни в России. Собраны и изданы под редакцией и с введением С. М. Гинзбурга и П. С. Марека, 1901.

לעהמאן א. א. פ. — „ארבעט און פרײַהײַט". זאמלונג פון לידער, וואָס זײַנען אנטשטאנען אין פאָלק אין דער צײַט פון דער פרײַהײַט־באוועגונג אין צארישן רוסלאנד. געזאמלט און דערקלערט פון שמועל לעהמאן, ווארשע, פאָלקלאָר־ביבליאָטעק. 1921.

צטשר. II-III — צײַטשריפט פאר ייִדישער געשיכטע, דעמאָגראפיע און עקאָנאָמיק, ליטעראטור־פאָרשונג, שפּראַך־וויסנשאפט און עטנאָגראפיע, באנד II-III, ארויסגאבע פון אינסטיטוט פאר ווײַסרוסלענדישער קולטור, מינסק, 1928.

קאהאן 2. — ייִדישע פאָלקלידער מיט מעלאָדיען אויס דעם פאָלק־מויל געזאמלט פון י. ל. קאהאן. 2 באנד, ניו־יאָרק 1912.

קאהאן „נײַע זאמלונג" — קאהאן י. ל. „ייִדישע פאָלקלידער", נײַע זאמלונג. סעפּאראט־אָפּדרוק פון „פנקס". ב. I, ניו־יאָרק „אמאָפּטייל ייִוואָ", 1930.

קיפּניס — 80 פאָלקלידער... געזאמלט דורך מ. קיפּניס, צווייטער טייל, פארלאג א. גיטלין, ווארשע.

רשמות — רשמות מאסף לדברי זכרונות לאתנגרפיה ולפולקלור ביש־ראל, כרך ב., תל־אָביב, תרפ"ג.

# ארבעטער-לידער

# I. ארבעט, עקספלואטאציע און נויט

## 1

(בערעגאָווסקי מ.)

1. שווער אונ ביטער ווי דער טויט,
אזוי איידאָכ נאָוּ דעמ ארבעטאָרערס לעבנ,
|: אוי, אז פאר דעמ טרוקענעמ שטיקעלע ברויט
מוז ער זייַנע קרעפטנ אוועקגעבנ. :|

2. אוי, אילע טאָג |: וויִנטש איכ מיר דעמ טויט, :|
בעסער וואָלט איכ נישט געוועננ געבוירנ ווערנ גאָר,
איידער צו לייַדנ אזא ביטערנ נויט.
סע מיר פינצטער די טעג, סע מיר ביטער די יאָר
אוי, אלע טאָג וויִנטש איכ מיר דעמ טויט.

3. אוי, כ'קומ אריַינ אינדערפרי אונ שטעל מיכ אוועק
|: באמ באלעבאָעס אפ דער טיר :|
אונ סמייע נאָכ ניט אויסריידנ א הויעכ וואָרט.
|: איכ האָב דאָכ מוירע, ער זאָל ניט אָפזאָגנ מיר
אונ זאָל ניט צונעמענ א צווייטנ אפ מייַנ אָרט. :|

בא קאָשוצקי ש. 47 יאָר, שניידער, אומאנ.

## 2

(גאָראָכאָווסקאיא ד.)

1. אלע מייַנע יאָרנ האָב איכ בא באלעבאטימ געארבעט,
נויקעמ האָבנ זיי זיכ אינ מיר געוועננ, ווי דער פויער אינ פערד,
וואָס מער קויכעס כ'האָב אוועקגעגעבנ,
מיינ בינ איכ געלעגנ אינ דר'ערד.

2. שטענדיק איז אפּ מיר געווען א גרויסע נויט,
אז די באַלעבאטים האָבן מיר געזשאַלעוועט שטענדיק דאָס
שטיקעלע ברויט.
טאָמער האָב איך געליטן הונגער און האָב געוואָלט עסן,
די באַלעבאָסטעס האָבן זיך געדרייט און האָבן אין מיר פאַרגעסן.
פאַרשריבן בא א שילער פון ארבעטשול, זינקאָוו.

# 3

(גאָראָכאָװסקאַיאַ ד.)

1. איך שטיי דאָך אויף גאַנצפּרי
פון דער הויַלער באַנק,
דער גוף איז פאַרטריקנט
און איך בין טויט־קראַנק.
אַז ווײ צו מיר
און אַז ווײ צו מײַנע יאָרן,
וואָס איך בין פון דער היים אוועקגעפאָרן.

2. איך שטיי דאָך אויף גאַנצפּרי,
איך זעץ מיך צום געניי,
דער גוף איז פאַרטריקנט,
איך וויל א גלעזל טיי.
אַז ווײ צו מיר א. אז. וו.

3. איך זאָג דער באַלעבאָסטע:
גיט מיר עפּעס עסן.
זי הייבט זיך אָן צו דרייען,
זי מיינט איך וועל פאַרגעסן.
אַז ווײ צו מיר א. אז. וו.

פאַרשריבן בא א שילער פון ארבעטשול, זינקאָוו.
אין ג׳ מ״ס זאמלונג אונטערן נומ׳ 315 איז געבראַכט
א ליד פון א יעשיוועניק, צונויפגעשטעלט לויטן
אלעפבייז־סיידער (א װאַריאַנט פאַראַן אויך אין קיפּניס
II, ז׳ 55). דער יעשיוועניק קלאָגט דאָרטן אף זײַן
ביטערער לאגע. דאָס אויבן געבראַכטע שנײַדער־ליד איז
אפּאָנעם איבערגעארבעט פון דעם דאָזיקן װאַרשײַנלעכן
עלטערן ליד פון יעשיוועניק. דאָ האָבן מיר א מוסטער,
וויאַזוי א פאָלקלאָר־ליד פון א פרעמדער סאָציאַלער

כתיווע איז אנטליגנ, באארבעט און צוגעפאסט געווארנ
צו אנדערע סאָציאַלע באדערפענישנ. איינ סטראָפע פונ
געבראכטנ ליד, די צווייטע, האָט אופגענומענ אויכ
אַנסקיס עטנאָגראפישע עקספעדיציע אינ מעדזשיבאָזש.
(געפינט זיכ אינ אַרכיוו פונ דער עטנאָגר. סעקציע).

## 4

1. א שניי, מאמע, א שניי, ליובע,
אינ א שניי מיט א רעגנ.
די מאמע מײַנע האָט מיכ אויסגעכאָוועט
פארנ שנײַדערס וועגנ.

2. פונ די שנײַדערס, מאמע, אויסצוהאלטנ
איז זייער ביטער.
דעמ דריטנ טאָג א שטיקל ברויט צו עסנ,
אבי אינדערהיימ בא דיר, מיטער.

3. איכ שטיי אופ, מאמע, גאנצפרי
אונ גיי מיר צו מײַנ ארבעט,
איכ גיי זיכ צו צו די אלטע יאטקעס
אונ איכ וויל זיכ עפּעס קויפנ,
איכ גיב א קוק, עס איז שוינ האלב זעקס אזייגער,
מע דארפ שוינ גיכער לויפנ.

4. טאָמער קומ איכ, מאמע, פריִער מיט צענ מינוט,
זאָגט דער שנײַדער אזוי איז גוט.
טאָמער קומ איכ שפּעטער מיט צענ מינוט,
צאפּט מיר דער שנײַדער די בלוט.

5. איכ זעצ זיכ, מאמע, עסנ דעמ וויסטנ ביסנ,
ער טוט מיר ניט באקומענ.
דער שנײַדער שעלט איבערנ גרוב,
פאר מוירע מוז מענ נעבעכ שטומענ.

6. זומער, מאמע, אינ די גרויסע היצנ,
דער קאָפּ טוט מיר ווי

אויסצוהאלטן פון וויסטן שנײַדער,
פון דעם פינצטערן געניי.

דאָס דאָזיקע ליד דרוקן מיר איבער פון מ. לעווינס אַרטיקל „ייִדישער דאַלעס אין אָדעס״, פאַרעפֿעטנטלעכט אין קראָקעווער „דער יוד״ פאַר 1901, נומ. 33.

דאָס אַרטיקל שטעלט מיט זיך פאָר באַטיצן וועגן אַן אויספאָרשונג, וואָס עס האָט דורכגעפירט אַ געוויסע „קאָמיסיע צו שטיצן ייִדישע אָרעמע אין אָדעס״.

מיר ברענגען דאָ דעם טייל פון לעווינס אַרטיקל, וואָס איז שײַעך צום געבראַכטן ליד. לעווין שרײַבט: „אַפּ ראַזומאָווסקי האָב איך פאַרשריבן אַן אָרעמען דאָרפהענדלער. אין שטוב זײַנען די עלטערן ניט געווען, נאָר די עלטערע טאָכטער, אַ מיידל פון אַ יאָר 17, און אַ קליין ייִנגל. אין קאָרידאָר האָב איך געהערט זינגענדיק אַן אומעטיק ייִדיש ליד. איך האָב געפרעגט דאָס פרײַלן, וואָס איז דאָס פאַר אַ ליד, וואָס זי האָט געזונגען. „עס איז ניטאָ וואָס צו טון, זינגט מען. דאָס איז אַ ליד וועגן אונדזערע פּראָסטע מענטשן״. דאָס ליד איז איר אייגנס. זי אַליין האָט עס אויסגעקלערט. אויך די מעלאָדיע האָט זי אַליין צוגעטראַכט. איר ביטער לעבן האָט באַשאַפן דאָס ליד, וועלכעס, ווי זי האָט מיר געזאָגט, ווערט איצט געזונגען אין אַפּולע וואַרשטאַטן. עטלעכע יאָר האָט זי געאַרבעט בײַ אַ שנײַדער און איז פאַרשוואַרצט געוואָרן בײַ דער אַרבעט. ניט רו, ניט עסן און לעבן, נאָר אַרבעט, אַרבעט און אַרבעט. אַז אַלע האָבן נאָך געשלאָפן, פלעגט זי אָנהייבן אַרבעטן און קומענדיק צוריק פלעגן שוין אַלע ווידער שלאָפן, ניט געוווּסט פון קיין רו ניט שאַבעס, ניט זונטיק. און אַלעס, וואָס זי האָט אויסגעליטן בײַם שנײַדער, איר גאַנץ אויסגעביטערט האַרץ, האָט זי אויסגעגאָסן אין איר ליד״.

## 5

(קופּערשמיד ש.)

וואַריאַנט

1. איינע שניי, מאַמע, איינע שניי, מוטער,
|: איינע שניי, מאַמע, מיט אַ רעגן :|
און מײַן מאַמע האָט מיך אויסגעכאָוועט
אוי, פון דעם שנײַדערס וועגן.

2. דער שנײַדער שעלט און באגראָבט
: און מע מוז עס אַלעס צו לײַדן, :|
און מײַן מאמע האָט מיך אויסגעכאָוועט
פונעם שנײַדערס װעגן.*

3. אז איך קום ארום זעקס אזייגער,
: זאָגט דער שנײַדער, ס'איז גוט, :|
און אז איך קום, אוי, צען מינוט שפעטער,
צאפט ער מיר מײַנע בלוט.

4. אוי, ווײ, מאמע, אוי, ווײ, מוטער,
איך גײ זיך דורעך אין מארק, איך וויל זיך עפּעס קויפן,
טוט א קלינג דער זוואָנאָק,
מוז מען גיכער לויפן.

קאשטעליאַנ ז. 33 יאָר, שנײַדער, בעלאָצערקווע.
וואריאַנט צו דער 4־טער סטראָפע פון נומ. 4 און
3־טער סטראָפע פון נומ. 5 — לעהמאנ א. א. פ., ז.
134, נ. 70.

## 6

(כ אָ ר אָ וו עצ ער פ.)

וואריאַנט

1. א שנײ, מאמע, א שנײ, מוטער,
א שנײ מיט א רעגן,
אפ וואָס־זשע האָסטו מיך אויסגעהאָדעוועט
פונעם שנײַדערס וועגן...

2. פון א שנײַדער אויסצוהאלטן
איז דאָך זייער שלעכט,
און אז סע יאוועט זיך א ספיעשקעלע,
שלאָפן מיר ניט די נעכט.

3. גאנצע נעכט טוען מיר ניט שלאָפן,
און גאנצע נעכט אָן עסן.

---

* ווי ס'ווײַזט אויס, האָט דער זינגער פאַרגעסן און ניט פּינקטלעך איבערגעגעבן די 3־טע און 4־טע שורע פון דער סטראָפע.

פון חאָס־זשע נעמט זיך דען א קאָפּוויטעק,
אז ניט פונעם חיסטיקן פּרעסל?

4. פון א שניידער אויסצוהאַלטן
איז דאָך זייער ביטער,
בעסער דעם דריטן טאָג א שטיקל ברויט
אבי נאָר בא דער מיטער.

5. אז איך קום אכט אזייגער,
זאָגט ער, אז ס'איז שפּעט,
און אז איך זעצ זיך צו דער ארבעט,
צאפּט ער מײַן בלוט.

סלאוויטע

## 7

(בערעגאָווסקי מ.)

1. טאָג אזויווי נאכט און נאכט אזויווי טאָג,
|: את נייען, און נייען, און נייען, :|
|: העלפ מיר שוין, גאָטעניו, מײַן שיינער זאָל שוין קומען,
און פון דער ארבעט זאָל איך אוועקגייען. :|

2. נאָכאמאָל געניית און ווידעראמאָל געניית,
|: געניית און געניית און געשטאָכן, :|
|: אוי, דו זיסער גאָטעניו, דו ווייסט דאָך דעם עמעס,
ווי מײַנע ביינער זײַנען מיר צעבראָכן. :|

פעסין ראָכל, ארבעטערן, אָדעס. וואר. לעהמאן א. א. פ., ז. 132, נ. 69. אין א וואריאנט פונעם זעלבן ליד פארשריבן פון יו. ענגעל (געפינט זיך אין ארכיוו פון דער עטנאָגראפישער סעקציע) האָט די סטראָפע „טאָג אזויווי נאכט" (אין ענגעלס וואריאנט איז זי די צווייטע) פאָלגנדע צוויי ענדפערזן:

„גאָט זאָל מיר שוין העלפן, די פרײַהײַט זאָל שוין קומען,
איך זאָל זיך שוין מיט איר גיכער זען".

## 8

(קופערשמיד ש.)

1. בין איך מיר א נייטערקע,
די נאָדל אף מײַן פאַרמעג,
איך דאַרף זיך מיר ניט זאָרגן
פאַר מאָרגעדיקע טעג.

2. איך דאַרף זיך מער ניט זאָרגן,
סע איז מיר ניט קיין נויט,
איך קאָן זיך מיר פאַרדינען
אף מײַן שטיקעלע ברויט.

1. פון שוכן און פון קליידן
ווייסט דער מאַגאַזין,
ער ווייסט ניט פון קיין לויבן*
דאָס געלט אהינצוטאָן.

4. — ניין, ניין, מיידעלע,
מאַכ־זשע גלײַך די נאָט,
און דאָס שיינע העמדעלע
זאָל ליגן אַקוראַט.

5. אז איך בין געווען בא מײַנע עלטערן,
בין איך געווען צעלאָזט,
היינט קום איך צו זיי,
בין איך בא זיי א גאַסט.

קאַץ מאַניע, אַרבעטערן, בעלאָצערקווע.

## 9

(גוטיאַנסקי ב.)

1. בא די מאַשינען אײַנגעבויגן
זיץ איך, מאַמעניו, דײַן איינציק קינד,
אוי, יעדער ביינדעלע צונויפגעצויגן,
פון דער אַרבעט ווער איך שיר ניט בלינד.

---

* — לעבנ.

2. קיין איבעריקע זאכן זיך ניט פארגינען,
ווײַל די קאָפּעקע קומט אָן זייער שווער.
און בא דערבײַ האָב איך מיר אײַנזינען,
אז מיר העלפן האָט ניט ווער.

3. בא אונדזערע ייִדן איז זיך אויך א מינהעג,
אז אָן קיין נאדן מאכט מען ניט קיין גליק.
נאָר מיט מײַן לעבן וואָלט איך געווען צופרידן,
אוי וויי, מאמעניו, אן אנטיק.

4. ווי ס'קומט נאָר צו דעם קנאסעמאָל,—
מע דערלאנגט די טנאָים אין די הענט;
ווי איך גיב א קוק,—
און מײַן מוטער זיצט און קוועלט.

5. —ליבע מוטער, טײַערער פאָטער,
וואָס־זשע קוועלט איר אצינד?
צי ווייסט איר דען, צי האָט איר שוין באוואָרנט
אײַער איין און איינציק קינד.

6. ווי סע קומט נאָר צו דער כאסענע
מע ווערט א מוטער פון א קינד
און דער מאן ער פאָרט אוועק,
ער פאָרט אוועק אָן זײַ געזונט.

פוקס כײַקע, 24 יאָר, ארבעטערין, בערשאד.
וואריאנט צטשר. II—III, ז. 890, נ. 28.

## 10

(בערעגאָווסקי מ.)

1. אוי, איך האָב שוין ניט קיין קויעך בא מײַן ארבעט אײַנצוזיצן,
און מײַן מאמע זאָגט, אז זי זעט דאָס ניט ארויס, אוי וויי —
אוי, דו האָב אפּ מיר ראכמאָנעס, און דו ווער פאר מיר א כאָסן,
אוי, דו נעם מיך פון דער פאבריקע ארויס.

2. אוי, וויאזוי זאָל איך דיך פון דער פאבריקע ארויסנעמען,
אז איך האָב אן עלטערע שוועסטער פון מיר? אוי וויי,

אוי, אז גאָט וועט מיר העלפֿן, אז מײַן שוועסטער וועט א קאַלע ווערן,

אוי, כאסענע האָבן, אוי, וועל איך פאר דיר.

3. אוי, א וויסטן סאָף, אוי, זאָל דײַן מאַמע האָבן,
און אפ אירע פיס זאָל זי ניט גייז אפ דער וועלט.
אוי, אזא סקאָרעפּאָמאָטש, וואָס ער פאָרט ארום איבער דער גאנ־צער וועלט,

ער וועט זי נעמען אָן קליידער, אָן א קאָפּעקע געלט.

4. אוי, וואָס האָסטו, ליובע, צו שעלטן מײַן מאַמען,
אז דו שעלסט מײַן מאַמען איז גלײַך אזוי ווי מיר, —
אָט וועסטו זען, ליובעניו, אז דער כאראקטער וועט זיך בא איר בײַטן,

וועסט נאָך זײַן בא איר די אָנגעלייגטע שנור.

פערלשטיין אדעל, 29 יאָר, אָדעס. וואריאַנט צו ערשטער סטראָפע — קאהאן „נײַע זאמלונג" ג. 32, ערשטע סטראָפע. דער אָנווײַז אפ דער מעניע, וואָס די עלטערע שוועסטער איז נאָך ניט קיין קאלע (סטראָ־פע 2) איז קלאָר בלויז אן אויסרייד, אין עמעסן ליגט די מעניע אין דער מוטער, וועלכער ס׳שטייט ניט אָן, ... איר זון אפנעמען ניט קיין ארבעטער, זאָל כאסענע האָבן מיט אן ארבעטערן „אָן קליידער, אָן א קאָפּעקע געלט".

**11**

(בערעגאָווסקי מ.)

1. אונדזערע יאָרעליכן גייען אונדז אוועק
מיט היץ און מיט רויען, אוי, אוי!
‖: גיט נאָר א קוק, ווי א ייִד פון זעכציק יאָר
ער האָט שוין מיין פון אונדז קויען. :‖

2. אזויוי א מיל, וואָס זי ארבעט קעסיידער,
האָט זי בא גאָט אן אָפּשטאנד, אוי,
‖: שאבעס פארנאכט מע זעט נאָך ניט קיין שטערן,
מיר האלטן שוין דאָס פײַער אין דער האנט. :‖

3. אוי, זומער אינ די היצנ אונ ווינטער אינ די קעלטנ
אוי, מיר שטייענ באמ פײַער סײַ באטאָג אונ סײַ באנאכט, אוי, אוי,
|: פארשאָלטנ זאָל ווערנ דער דאָזיקער מענטש,
וואָס ער האָט דאָס בעקערײַ אויסגעטראכט. :|

סטאריקאָוו מ. 41 יאָר, בעקער, אָדעס. געדענקט דאָס ליד פונ קינדהײַט, געהערט דאָס זינגענ פונ בעקער אנע־רעכ אינ 1895 יאָר. וואר. לעהמאנ א.א.פ., ז. 125, נ.ב. 64—64 א, 64 ב.

## 12

(לעחיצקי א.)

1. מיר אלע טקאטשעס, מיר שלאָגנ אפ איינ פלאטקע,
מיר שטייענ בא די סקלאדנ, אזויווי הינט בא א יאטקע,
מיר שטייענ בא די סקלאדנ אונ טוענ זיכ צוברומענ,
ביז דער רעדעוווניק וועט צומ סקלאד צוקומענ.

2. אזויווי דער רעדעוווניק איז צומ סקלאד געקומענ,
אזוי זײַנענ מיר אלע געבליבנ ווי די טויטע שטיינ.
אזוי האָט ער א געשריי געגעבנ: „כעווורע, וואָס טוט איר דאָ,
צי וועט איר בא מיר עפּעס בעטנ?
קיינ ארבעט איז ניטאָ אונ טוט פונ מײַנ סקלאד אָפּצוטרעטנ".

3. אונ אז מע גיט מיר שוינ דאָס וויסטע פּעקל פּאָדעמ,
אפ די פּלייצעס טו איכ עס טראָגנ,
אונ אז איכ קומ אהיימ צומ ווײַב —
„אָ, דאָס, מײַנ ווײַב, טוענ מיר פּארמאָגנ".

4. די קינדערלעכ לויפנ מיר אנטקעגנ
מיט איינ יאָמער אונ מיט א קלאָג —
„אוי וויי, טאטע, מיר האָבנ שוינ ניט געגעסנ
דעמ דריטנ טאָג".

5. איכ זיצ מיר אפ מײַנ ווערסטאט אונ ארבעט
אונ זינג מיר צו א לידל,

די קינדערלעכ טאנצנ מיטנ ברויט,
אזויווי מע שפילט אפ א פידל.

פארשריבנ בא א ווענבערג, באָסלעוו. צום ליד גיט כ׳ לעוויצקי צו פאָלגנדיקע באמערקונג: „דאָס ליד איז אנ אָרטיקס, א באָסלעווער. אינ באָסלעוו זײַנענ אמאָל געווענ פאָדריאדטשיקעס, וואָס פלעגנ צושטעלנ צו די צוקער־זאַוואָדנ רעדנעס פאר די פילטער־פרעסנ (אפאראטנ אפ דורכרייניקנ די צוקער־זאפטנ פונ די בורעקעס). די רעדנעס האָבנ געארבעט באָסלעווער ווענער, קוסטארנ. דאָס רוויזוארג דערצו, פעקלעכ טאָרעמ, פלעגנ זיי באקומענ בא די פאָדריאטשיקעס, די רעדעווניקעס (פונ רעדנע)“. „מיר שלאָגנ אפ איינ פלאטקע“ באטײַט: „אונדז איז שוינ אלצייִנס“ אָדער „מיר האָבנ שוינ ניט וואָס צו פארלירנ“.

## 13

(לעוויצקי א.)

1. שאבעס באמאָג, די היצ איז זייער גרויס,
אישער־כאיעמ מיטנ ארבעטער האָבנ זיכ צעשלאָגנ פאר א שטיקל
פלייש.
דער ארבעטער איז ארויסגעגאנגענ אונ האָט געמאכט א גרויס
געוויינ,
אלע כאוויירימ זײַנענ געקומענ צו גיינ.

2. „אישער־כאיעמ, אישער־כאיעמ, דו מיינטט, אז עס איז דיר גוט
פונ פרעמדע ארבעטער געצאפט דאָס בלוט.
אישער־כאיעמ, אישער־כאיעמ, דו מיינסט, אז עס איז דיר א
שוטקע,
מיר וועלנ דיכ נעמענ צומ אוריאדניק אינ בודקע“.

3. אפ דעמ גאנצנ שטעטל איז א גרויסער ווונדער,
אפילע מע זאָל פרעגנ בא צוויי קליינע קינדער.
ווי איז מיר אונ וויינד, — אינ עסנ אזוי הייס,
אונ זיכ צעשלאָגנ מיט אנ ארבעטער פאר א שטיקל פלייש.

4. אפנ גאנצנ שטעטל הערט זיכ א סוויסטאָק,
דעמ ארבעטער צומ דאָקטער, אישער־כאיעמ אינ אָסטראָג.

הײַנט צאָלט ער געלט פאַר זײַנע פּאַפּירן,
מע זאָל אים אין אָסטראָג ניט פירן.

באָסלעוו, צו דער לעצטער סטראָפע זע לעהמאַן א.א.פּ. ז. 165.

## 14

(אַרגוס־פּאָסטוועלסקי)

1. ווער סטראַדאַיעט אַזוי אַף דער וועלט,
ווי איך, אַרבעט־מאַן?
ווער פאַרקויפט זיך אַזוי פאַר געלט
ווי דער פערד אין שפּאַן?

2. אַ גאַנצנדיקן טאָג זיץ איך באַם מאַשין
צוליב מײַן שטיקעלע ברויט.
איך דריי זיך מיר אַרום אַהער און אַהין,
ווײַלע דאַצו ברענגט מיר דער (!) נויט.

3. דער באַלעבאָס אינדערשטיל טוט וואָס ער וויל,
ער גייט אַנטקעגנ מײַן ווילן.
אַזוי איז מײַן גליק דאָ אין פאַבריק,
ווײַלע דעם הונגער מוז מען שטילן.

4. פאַראַנענע קינדער אויך אין מײַנע יאָרן,
זיי לעבן זיך גליקלעך אַף דער וועלט,
זיי זײַנען אויך פון אַ מענטשן געבוירן
האָט זיי קיין מאָל קיין זאַך געפעלט.

5. אַנשטאָט דער פאַבריק גייען זיי אין שול,
לערנען זיך, בילדן און שרײַבן,
די גאַנצע וועלט איז מיט זיי אויף,
די עלטערן טוען זיי קליידן.

6. און איך, עלנדע קינד,
בין פאַרבליבן בלינד —
אָן געזעלשאַפט, און אָן געפילן.

7. איך בין געבאָרן אויך אין גוטע הענט,
עלטערן פון פײַנעם סאָרט,
איידער איך האָב די פאַבריק דערקענט
אין שטוב איז געווען מײַן אָרט.

8. עלנט, עלנט, עלנט אף דער וועלט
בין איך אַלס קינד פאַרבליבן,
אויסלערנען זיך א מאַלאַנט האָב איך ניט געהאַט קיין געלט,
האָב איך זיך אין פאַבריק פאַרשריבן.

9. הײַנט צאַפּט מען מיר אויס מײַן בלוט פון מײַן פלייש,
מע צעקלאַפּט מיר מײַנע געפילן.

וויטעבסק. וואר. לעהמאַן א.א.פ., ז. 117, נ. 59
אין דער 3־טער סטראָפע, 2־טע שורע: „אַנטקעגן"
איז דער מיין — „קעגן".

## 15

(סקודיצקי ז.)

1. די באַלעבאָסטע גייט אַרײַן, האָפּ דונײַ, דונײַ,
כעוורע, כעוורע, שטיף זאָל זײַן, האָפּ דונײַ, דונײַ!

2. די באַלעבאָסטע שטייט און קוקט, האָפּ דונײַ, דונײַ,
כעוורע, כעוורע, אַרבעט גוט, האָפּ דונײַ, דונײַ!

3. די באַלעבאָסטע שטייט אין קיך, האָפּ דונײַ, דונײַ,
כעוורע, כעוורע, וואַרפט מיט שטעכ, האָפּ דונײַ, דונײַ!

4. די באַלעבאָסטע שטייט אין זאַל, האָפּ דונײַ, דונײַ,
ס'ווערט איין איר צעזעצט די גאַל, האָפּ דונײַ, דונײַ!

5. די באַלעבאָסטע קויפט סכוירע, האָפּ דונײַ, דונײַ,
ס'זאָל איר זײַן מאַקעס־בכוירעס, האָפּ דונײַ, דונײַ!

6. די באַלעבאָסטע שטייט אף דער טיר, האָפּ דונײַ, דונײַ,
כעוורע, כעוורע, א מאַקע איר, האָפּ דונײַ, דונײַ!

7. די באַלעבאָסטע שטייט אף דער שוועל, האָפּ דונײַ, דונײַ,
ס'זאָל פון איר ווערן א טעל, האָפּ דונײַ, דונײַ!

8. די באלעבאָסטע גייט ארויס, האָפּ דוניי, דוניי,
כעוורע, כעוורע, לאכט זי אויס, האָפּ דוניי, דוניי!

ברעסלער לייקע, פּאַפּיראָסניצע, סקווירע. צו אלע לידער, וואָס זיינען אופגענומען בא לייקע ברעסלער זע באמער־קונג אם זייט 39.

## 16

(בערעגאָווסקי מ.)

1. די מאשינעס קלאפּן, די רעדער זיי דרייען זיך,
אינ פאבריקע איז א ראש מיט א געוואלד.
|: אוי ווי, נעמט זיך צונויפ, שוועסטער און ברידער,
לאָמיר אלע באפרייען אונדזער לאנד. :|

2. דעם ארבעטאָרערס לעבן איז א געמוטשעטע לעבן,
ער האָרעוועט דאָך טאָג אזויווי נאכט.
|: אוי, ער האָט ניט קיין קויעך די ביינער אויסצוגלייכן,
די באלעבאטים מוטשען אים באנאכט. :|

3. „הער שוינ אופּ צו וויינען, הער שוינ אופּ צו קלאָגן,
און מאך ניט פון קיין ארבעט קיין טרער,
|: אוי סע וועט באלד ארייינקומען אנ אָדעסער סויכער
און נעמט די ארבעט קיין אָדעס אוועק". :|

4. „לאָז ער שוינ קומען, לאָז ער שוינ נעמען
די ארבעט קיין אָדעס אוועק.
|: אוי, מיר האָבן זיך דערלעבט, מיר וועלן זיך דערלעבן,
מיר ארבעטן פון זיבן ביז זעקס". :|

5. גייט ארייין דער באלעבאָס, גייט ארייין דער באלעבאָס
און זאָגט, אז מיר זיינען גערעכט,
|: אוי, ער זאָגט, מיר האָבן ביכעלעך, מיר זיינען ציציליסטעלעך,
מיר ריידן אפ מיקאָלקען שלעכטס. :|

6. קאק אָנ, זאוויעדישטשי, קאק אָנ, פּראווליאיושטשי,
קאק אָנ ראָסקאָשנאָ זשיוויאָט —

|: אָנ טשיִ וויפּיוואיעט, גאזעטקי ווישטשיטאיעט,
וסיאָ נא פּאָדלאָם סערדצע גאָלאָווי! :|

קיטייַגאָראָדסקי ריווקע, 26 יאָר, ארבעטערג, אומאנ. גע־
הערט דאָס ליד פונ ארבעטער אפ מייער־לייב דאָרפמאנס צו־
קערני־פאבריק אינ 1922 יאָר.

## 17

(קופערשמיד ש.)

וואריאנט

1. אינדרויסנ איז פינצטער, אינדרויסנ איז כמארנע,
סע וועט דאָכ באלד גיינ א שניי, א שניי,
אזוי זיינע אוועקגעאנגענע, אוי, מיינע יונגע יאָרנ,
זיצנדיק שטענדיק באם געניי.

2. האָדי שוינ צו וויינענ, האָדי שוינ צו קלאָגנ,
דו וועסט מאכנ אפ דיינ ארבעט א פלעק, א פלעק.
אָט באלד וועט ארייַנגיינ דער מייַסטער דער מערדער
אונ טרייַבט אונדז פונדאנענ אוועק.

3. די מאשינענ נייענ אונ די רעדער דרייענ,
אונ אינ צימער איז הייס,
אזוי זייַנענ אוועקגעגאנגענ אונדזערע יונגע יאָרנ
מיטנ בלוטיקנ שווייס...

4. זייַנע קינדער גוליאיענ, זיי לייענענ דאָרט גאזעטנ,
זיי זאָגנ — שאָקאָלאד איז זיס.
זאָלנ זיי פארזוכנ דעמ טאַמ פונ דער ארבעט,
צו אויסשטיינ א טאָג אפ די פיס.

5. וויאזוי זאָלנ מיר ניט מעקאנע זייַנ דעמ באלעבאָס אליינ,
וויאזוי ער לעבט זיכ אויס באדוט זייַנע יאָר, —
ער זיצט אינ טראקטיר אונ טרינקט א פלעשל ביר,
אונ מיר אלע ארבעטנ אפ אימ.

6. קאק־זשע ניע זאווידאָוואט נאשעמו כאזיאינו,
קאק אָנ ראָסקאָשנאָ זשיוויאָט,

טשיַ פּאָפּיוואיעט, גאזעטו פּאָטשיטאיעט,
א נאס נא ראבאָטו שליאָט

וואָסקאָבויניק פּיניע, ארבעטער, בעלאָצערקווע. וואר. צו דער
ערשטער סטראָפע לעהמאנ א.א.פּ. ז. 132, נ. 69.

## 18

(בערעגאָווסקי מ.)

וואריאנט

1. וויאזוי זאָל איך ניט מעקאנע זײַנ דעמ מײַסטערס לעבנ,
ער לעבט זיך שוינ, זע איך, ווי א גראפּ,
|: ער טרינקט די גוטע ווײַנעג, ער רויכערט די ציגארקעס
אונ לייגט עס אלץ אפנ ארבעטער אראָפּ. :|

2. וויאזוי זאָל מיר גאָר אײַנגיינ די קליידער, מײַנ גוליאיענ,
דאָס לעבנ, — אז סע גייט מיר גאָר ניט אײַנ,
|: אז איך טו זיך דערמאָנענ, אז מאָרגנ זעקס דעמ זייגער
באדארפ איך שוינ אינ מאסטערסקאיא זײַנ. :|

3. די מאשינעס קלאפּנ, די אײַזנס זיי טשאדענ,
אינ שטוב איז אייג רויך אונ ס'איז הייס.
|: דער קאָפּ ווערט אויסגעדארט, די אויגנ [ווערנ] טונקל,
נאָר פונ האָרעוואניע אונ פונ שווייס. :|

4. הער שוינ אופ צו ווײַנענ, פארגיסנ מיט די טרערנ,
דו מאכסט דאָך אפּ דער ארבעט א פלעק,
|: אָט באלד וועט ארײַנקומענ דער מײַסטער דער מערדער,
ער טרײַבט דיך פונ דײַנ ארבעט אוועק. :|

5. מע האָט דאָך אונדז אונטערגעשריבנ די ביכלעך,
מע האָט אונדז זאיאָוועט ראשטשאָט.
|: מע האָט נאָך אפּ אונדז אויסגעטראכט — מיר זײַנענ סאָציאליסטנ,
מיר ווילנ ניט קיינ קייסער אונ גלייבנ ניט אינ גאָט. :|

פּעסינ ראָכל, אָדעס.

## 19

(געלבמאן א.)

וואריאנט

1. די מאשינען קלאפּן און די רעדער דרייען זיך,
אין פאבריק איז א ראש מיט א געוואלד.
„לאָמיר זיך צונויפנעמען, שוועסטער און ברידער,
לאָמיר באפרײַען אונדזער לאנד“.

2. דעם ארבעטערס לעבן איז א געמוטשעט לעבן, —
ער האָרעוועט באטאָג און באנאכט.
ער האָט שוין נישט קיין קויעך די קריזשעס אויסצוגלײַכן,
און די ריעס (?) מוטשען אים באנאכט.

3. דעם באלעבאָס לעבן איז א בארוט לעבן,
ער לעבט זיך ווי א גראף:
ער עסט די גוטע מיטיקן און טרינקט די גוטע ווײַנען —
ס'איז אלץ אפּן ארבעטאָרערס קאָפּ.

4. הער שוין אוף צו וויינען, הער שוין אוף צו קלאָגן —
עס'ט מאכן אפּ דײַן ארבעט א פּעק.
באלד וועט ארײַנקומען לאָנדעס (?) מאָנדעס־סויכער —
ווארפן מיר די ארבעט אוועק.

5. לאָז ער זיך ארײַנקומען, איך האָב פאר אים קיין מוירע —
טיי וועלן מיר טרינקען,
גאזעטקעס וועלן מיר לייענען,
און מיר וועלן גיין אייניינעם זיך באפרײַען.

מעדזשיבאָדזש. וואר. צו די נ. נ. 16, 17, 18 בא לעהמאַנען א. א. פּ. ז. ז. 118—121, נ. נ. 60, 60א, 60ב ווי לעהמאַן ווײַזט אָן, זײַנען די דאָזיקע אלע לידער וואריאַציעס און איבערארבעטונגען פון ד. עדלשטאטס ליד „דער ארבעטער“. וועגן דער אָפּשטאמונג פונעם דאָזיקן ליד עדלשטאטס זע אין ז. סקודיצקיס ארבעט „וועגן פאָלקלאָרישן ארבעטער־ליד“ („פּראָבלעמעס פון פאָלקלאָריסטיק“, זאמלונג I, זז. 186—188).

# II. שטרייק־לידער

## 20

(ג אָ ר אָ כ אָ װ ס ק אַ י א ד.)

1. שאבעס בא דעם עסנ געװענ א סאָװעט,
זונטיק בא דער ארבעט זאָל זיכ נעמענ אנ עק.
זונטיק בא דער ארבעט א זאבאסטאָװקע געמאכט,
אלע ראבאָטשעס אָנגעטאָנ, א שפּאציר מע מאכט.

2. קינדערלעכ, װאָס ארבעט איר ניט, װאָס איז אײַער מײַנ?
מיר מײנענ זאבאסטאָװקע, מיר פאָדערנ ניט קײנ געלט.
מיר װילנ פּאָשעט ניט ארבעטנ,
אזוי װי דער אָקס אינ פעלד.

3. אז דער אָקס, ער ארבעט,
ער ארבעט זיכ אָנ א שיר,
מיר, ראבאָטשע מענטשעלעכ, װילנ פונ אכט ביז פיר,
מיר װילנ זיכ נאָכ אָנטאָנ אונ גײנ אפ דעם שפּאציר.

4. [הער שוינ אופ צו װײנענ, הער שוינ אופ צו קלאָגנ,
מאכסט זיכ אפ דײַנ ארבעט א פלעק.
אָט באלד װעט ארײַנקומענ דער מײַסטער דער מערדער
מאכט ער פונ דײַנ לעבנ אנ עק].

פארשריבנ בא א שילער, זינקאָװ. די פערטע סטראָפע װאריִרט פונ עדלשטאטס ליד „דער ארבעטער“ (זע באמערקונג צו נומ. 19). אינ קאָנטעקסט פונ געבראכטנ ליד איז די דאָזיקע סטראָפע אומפארשטענדלעכ. מע דארפ רעכענענ, אז דער זינגער אָדער דער פונ װעמענ ער האָט דאָס דאָזיקע ליד איבערגענומענ, האָט זי אהער צוגעצויגנ פונ א צװײטנ ליד, נעמלעכ פונ די פארשפרײטע װאריִאציעס פונ עדלשטאטס ליד „דער ארבעטער“ (זע נ. נ. 16, 17, 18, 19).

## 21

(סקודיצקי, ז.)

1. איר באַלעבאַטים, איר מערדער,
וואָס צאַפּט איר פון די אַרבעטער דאָס בלוט?
איר מיינט, אַז די מילכאָמע וועט אײַך גליקן?
איר מיינט, ס׳וועט אײַך טאָמער זײַן גוט?

2. ס׳זאָל אפילע דונערן און בליצן,
ס׳מעג אפילע אונטערגיין די וועלט,
אכט שאָ אין טאָג וועלן מיר זיצן,
דאָס איבעריקע וועט אײַך קאָסטן געלט.

3. מיר האָבן אַלע יאָרן געהאָרעוועט,
ביז מיר האָבן די סוואָבאָדע דערלעבט,
און איצטער איז דאָך אָנגעקומען די פּעטליוראָווצעס *
און ווילן די מילכאָמע צוריק.

4. נאָר ס׳זאָל אפילע דונערן און בליצן,
ס׳זאָל אפילע אונטערגיין די וועלט,
די סוואָבאָדע צוריק וועלן מיר ניט געבן,
מיר זאָלן אפילע פאַרשפּילן די וועלט.

ברעסלער לייקע, סקווירע

## 22

(גוטיאַנסקי ב.)

וואַריאַנט

1. ס׳מעג אפילע דונערן און בליצן, ס׳מעג אפילע דונערן און בליצן,
ס׳מעג אפילע אונטערגיין די וועלט,
מער פון אכט ביז אכט וועל איך ניט זיצן
און ניט פאַרדינען די בורזשויעס קיין געלט.

2. איז גייט אַרײַן דער מערדער דער גרויסער
און זאָגט: „איך בעט אײַך, קינדער, זײַט ניט הייס״!

---

* אָנשטאָט „פּעטליוראָווצעס״ איז אַפּאָנעם פריער געווען אַן אַנדער וואָרט. בײַם דעם בירגער־קריג איז עס אויסגעביטן געוואָרן מיטן אַקטועלערן מער פאַרשטענדלעכן וואָרט „פּעטליוראָווצעס״.

און פון דעם ארבעטן (!) ביטער
גיסט זיך אפצאקערוויַיז * שוויס.

פארשריבן בא א יונגן ארבעטער, א שילער פון אָוונט
שול, קיעוו.

## 23

(י. טשערניאק)

1. ארבעט דער שנײַדער א גאנצע וואָך,
פארדינט ער א גילדן מיט א לאָך.
|: אָט אזוי נייט א שנײַדער,
אָט אזוי קלאפּט ער צו. :|

2. פאראיאָרן ניט היינט געדאכט
האָבן מיר געארבעט א גאנצע נאכט.
|: אָט אזוי נייט א שנײַדער,
אָט אזוי קלאפּט ער צו. :|

3. אונדזער סטרוקציע ** האָט אָנגעמאכט,
מיר ארבעטן שוין מער ניט פון אכט ביז אכט.
|: אָט אזוי נייט א שנײַדער,
אָט אזוי קלאפּט ער צו. :|

יודזאָן, צ. קיעוו. געהערט דאָס ליד אין בארדיטשעוו
אין 1903 יאָר.

## 24

(סקוריצקי ז.)

1. „ליפּסאָן איז א באלעבאָס,
נאָר מ'עט אים בא דער נאָז ניט פירן!"

---

* — געניער באטײַט פון וואָרט אומבאקאנט. אנערקע „טײַכנוויַיז, אָסאכ".

** — אזוי האָט מען דעמלט אין די אָפּגעשטאנענע ארבעטער־קרײַזן אָנגערופן די ארבעטער־אָרגאניזאציע (אָבסטרוקציע).

„מיר ווילן א נאבאווקע,
מיר וועלן זי אויספירן".

2. „מיר ווילן א נאבאווקע,
מיר האָבן זי דער ווערט; —
און אז ער וועט ניט געבן,
וועט ער מאכן שלעכט".

3. „אוי, שלעכטע מיידעלעך,
ווייסט איַיך דער ריך. *
זיי ווילן א נאבאווקע,
זיי זאָגן ס׳איז טיַיער שיך.

4. זיי ווילן א נאבאווקע,
זיי האָבן ניט דער ווערט,
און אז איך וועל ניט געבן,
וועל איך מאכן שלעכט.

5. אוי, אווראָם־דאָוויד,
זיי ווילן א נאבאווקע,
זיי ווילן א נאבאווקע,
זיי מאכן זאבאסטאָווקע".

6. „זיי ווילן א נאבאווקע,
זיי שריַיען אף די ציין?
און טו זיי ענטפערן —
איך וועל ניט געבן — ניין!"

7. ראבינאָוויטש מיט ליפּסאָנען
האָבן זיך געמאכט איינן האנט,
זיי האָבן ארויסגעהאנגען
אָביאווּלעניעס אף דער וואנט.

8. „דריַיסיק קאָפּעקעס דעם טויזנט
גיב איך דעם נאראָד,
און אז זיי וועלן ניט נעמען,
וועלן זיי גיין אף טשאָרנע כאָד".

---

* — רוער.

9. פאפיראָסניצעס, קארדאָנשטשיקעס
האָבן זיך געמאכט איין האנט,
זיי האָבן אופגעהאנגען
א קויטל אפ דער וואנט.

10. „פערציק רובל דעם כוידעש
וויל דער נאראָד,
און אויב איר וועט ניט געבן,
וועלן מיר גיין פאראדנע כאָד".

11. זיי האָבן צוגעקלעפט
א קויטל אפ דער וואנט,
ליפסאָן האָט דאָס דורכגעליינט
און אָקערשט ניט געוויינט.

12. זינט ער איז באלעבאָס,
נעהערט האָט ער דאָס ניט,
„אזוינע ווערעמדיקע מיידלעך,
זיי צאפן פון מיר דאָס בלוט".

ברעסלער לייקע, סקווירע. וואר. צו סטראָפעס 9, 10 — לעהמאן א. א. פ., ז. 33, נ., 16; צו סטראָפעס 1, 9, 11 — לעהמאן א. א. פ., ז. 35, נ. 16א.

## 25

(סקודיצקי ז.)

1. „א גוט מאָרגן אייַך, ראבינאָוויטש, א גוט יאָר אייַך, יאָסל ליפסאָן,
וואָס הערט זיך בא אייַך אין פאבריק?"
‖: „בא מיר אין פאבריק איז איין בורע מיט איין סטאטשקע,
די ארבעטאָרער זוכן בא מיר גליק. :‖

2. אוי, ארבעטן וואָס ווייניקער, און סכירעס וואָס מער —
דאָס וועלן זיי בא מיר ניט אויספירן.
‖: איך רופ באלד ארויס פאָליציע מיט זשאנדארמען
און מע וועט זיי אלע ארעסטירן". :‖

3. „פּאָליציע מיט זשאנדארמען, זיי לויפן ארום א גאנצן טאָג
און קאָנען מיט די ארבעטער גאָרנישט מאכן,
|: גיב זיי שוין אָפּ אַלעס, וואָס זיי פאָדערן
און מיין זאָלן זיי קיין סטאטשקעס ניט מאכן." :|

4. „אַלעס, וואָס זיי פאָדערן, וועל איך זיי נישט געבן,
דאָס וועלן זיי בא מיר נישט אויספירן.
|: איך וועל מיין פאבריק זאגראניצע איבערפירן
און זיי וועט מען אַלע ארעסטירן." :|

ברעסלער לייקע, סקווירע. צו די לידער נ. נ. 15, 21, 24, 25, וועלכע איך האָב פארשריבן בא כ׳טע לייקע ברעסלער, איז קעדיי צו באמערקן, אז די זינגערן האָט די דאָזיקע לידער, וואָס געהערן צום רעפערטואר פון 1905/6 יאָר, געהערט זינגען אין 1917/18 יאָר אין סקווירער טוטין־פאבריק, ווו זי האָט דעמלט געארבעט. ליפסאָן און ראבינאָוויטש, וואָס ווערן דערמאָנט אין די לידער, זיינען געווען די באַלעבאטים פון טוטין־פאבריקן, אין סקווירע. ביידע זיינען באוווסט אלס אומראכמאָנעסדי־קע עקספּלואטאטאָרן. כ־טע ברעסלער דערציילט: פון ראבינאָוויטשן און זיין ווייב דער „מאדאם" האָט מען אין ווארשטאט געמאכט גרויס כויזעק. וועגן דער „מאדאם" האָט מען געזונגען דאָס ליד „די באלעבאָסטע גייט ארײַן" (זע נ. 15.) און אויך דאָס פאָלגנדיקע לידל:

„די מאדאם ראבינאָוויטש גייט ארײַן מיטן פּליושענעם סאק מיטן פייענעם קאָלנער
מיינט זי, אז זי איז א קלוגע.
די גאנצע ראבאָטשע זאָגט,
אז זי איז פאָרמאלנע מעשוגע.

הוליע, קאפּצן, וואָס דארפסטו זאָרגן,
וואָס דארפסטו זאָרגן, וואָס עס וועט זיין מאָ־גן!
הוליע, קאפּצן, דיר פעלט אלעס!
הוליע, קאפּצן, פריילעכער דאלעס!"

## 26

(געלבמאן א.)

וואריאנט

1. „א גוט מאָרגן דיר, מייער, א גוט יאָר דיר, מוישע,
וואָס הערט זיך, אוי, בא דיר אין פאבריק"?
„בא מיר אין פאבריק איז איין בונט און איין סטאטשקע,
די ארבעטער זוכן פון מיר גליק.

2. „ווינציקער די אַרבעט און מער די פּלאַטע, —
דאָס וועט איר בײַ מיר ניט אויספירן,
אָ, באַלד רוף איך אַרײַן זשאַנדאַרן מיט פּאָליציע
וועט מען שוין אײַך טײַקעפּ אַרעסטירן".

3. זשאַנדאַרן און פּאָליציע טוען אַרומלויפן,
זיי קאָנען אָבער גאָרנישט מאַכן.
„ווינציקער די אַרבעט און מערער די פּלאַטע,
וועלן מיר אײַך קיין סטאַטשקע ניט מאַכן!"

4. „מיר באַלעבאַטים און איר אַרבעטאָרערס,
מיר האַלטן אײַך פון גרויס ביז קליין.
דער, וואָס ער וועט וועלן די פרײַהײַט האָבן,
דער וועט מאָרגן זיצן אינדערהיים".

5. „מיר אַרבעטאָרערס, מיר גייען פון דער אַרבעט,
מיר פאַלן אַזוי ווי די פליגן,
און איר גייט אין די טעאַטערן און דינגען (!) לאָזשע־מיעסטע
און האָט זיך שוין אַלעס פאַרגעניגן".

פאַרשריבן בײַ אַ בעקער, מעדזשיבאָזש.

## 27

(בערעגאָווסקי מ.)

וואַריאַנט

1. „אַ גוט מאָרגן דיר, אוורעמעלע, אַ גוט יאָר דיר, מייער.
וואָס הערט זיך בײַ דיר אין פאַבריק?"
„בײַ מיר אין פאַבריק איז אַ בונט מיט אַ סטאַטשקע,
די אַרבעטאָרער זוכן בײַ מיר גליק.

2. אַרבעטן וואָס ווינציקער, און געלט וואָס מערער,
זיי וועלן דאָס בײַ מיר ניט אויספירן,
אָן גייט דאָך באַלד אַרײַן דער זשאַנדאַרמסקי פּאָלקאָווניק,
וועט ער זיי אַלע אַרעסטירן".

3. אַזוי ווי דער זשאַנדאַרמסקי איז אַרײַנגעקומען, —
„מיט קיין ראַבאָטשע קאָנען מיר גאָרניט מאַכן,

איר גיט זיי די נאבאווקע און אכט שאָ אין טאָג ארבעטן,
וועלן זיי קיין סטאטשקע ניט מאכן".

4. דאָלוי די קולאקן און נאגייקעס און קאָזאקן,
די טרעבאָוואניע וועלן מיר אויספירן.
דאָלוי די קולאקעס און נאגייקעס און קאָזאקן,
די טרעבאָוואניע וועלן מיר אויספירן.

יוריק יויסעפ, 48 יאָר, א שניידער פון אומאנער נייַ־פאבריק, אומאן. אין דער 4־טער סטראָפע האָט דער זינגער אפּאָנעם פארגעסן צוויי שורעס און האָט באמ זינגען איבערגעכאזערט צוויי מאָל די צוויי פערזן, וואָס ער האָט פארגעדענקט (גיכער פאר אלץ זיינען עס דער דריטער און פערטער פערז פון דער סטראָפע). די ערשטע סטראָפע אין אונדזערע נומערן 25, 26, 27 דערמאָנט אין פאָלגנדער אָנהייב־סטראָפע פון וואַרשאַווסקיס ליד „לעבן קלייזל":

„גוט מאָרגן, מוישע, דיר,
גוט מאָרגן, יענקעלע, דיר,
וואָס הערט זיך עפּעס, מוישע, באַ דיר?
איַי, וואָס זאָל זיך הערן באַ מיר?"

זע מ. וואַרשאַווסקי „יידישע פאָלקלידער", אָדעס תרע"ד, ז. 17.

## 28

(סקודיצקי ז.)

1. צי האָט איר געהערט,
וואָס ס'האָט זיך געטראָפן?
בא פּאָפּאָוון אין פאבריק
אַן אומגליק געטראָפן.

2. דער אומגליק איז געווען
מיט א גרויס גערודער,
ס'האָבן זיך צעבונטעוועט
די שוועסטער מיט די ברידער.

3. אזויוי פּאָפּאָוו
האָט דאָס קוויטל איבערגעלייענט,
האָט אים אָנגעכאפּט א ווייטעק,
ער האָט אָקאָרשט ניט געוויינט.

4. „איך בין באַפֿעבאָס,
איר וועט מיר בא דער נאָז ניט פֿירן,
איר ווילט א נאַבאווקע,
איר וועט דאָס ניט אויספֿירן".

5. אַפֿ מאָרגן אינדערפֿרי
איז געגאַנגען א מיידל אין פֿאַבריק,
פֿאַפּיראָסניקעס זײַנען געשטאַנען
און האָבן געקוקט.

6. אַזויווי זיי האָבן זיך א לאָז געטאָן
מיט איר זיך באַקענען,
איז (!) אָנגעלאָפֿן סישטשיקעס
און מ'האָט זיי צוגענומען.

טעסלער מ. קורסאַנטקע פֿון קיעווער ייִרפֿעדטעכניקום), קיעוו. ווריאַנט — לעהמאַן א. א. פּ., ז. 32 — 37, נ.נ. 16, 16א, 16ב. ענלעכע פֿערזן בא באַסטאָמסקין, ז. 88 — 89, נ. נ. 1, 2. דער אינהאַלט פֿון די לעצטע צוויי סטראָפֿעס קומט ניט פֿאָר אין קיין שום וואַריאַנט.

**29**

(בערעגאָווסקי מ.)

וואַריאַנט

1. אַפֿ מאַלאָ־אָרנאַוטסקי און פּושקינסקי בא פּאָפּאָוון אין פֿאַבריק
האָט זיך אָנגעהויבן זייער א גרויסער בונט.
דער בונט איז געוועזן איבער א נאַבאָווקע —
„טאָמער וועט איר אונדז ניט געבן, וועלן מיר מאַכן
א זאַבאַסטאָווקע".

2. „צען קאָפּעקעס אַפֿן טויזנט איז דאָך ניט קיין סאַך,
גיט אונדז די נאַבאווקע, אַניט גייען מיר אָפּ גלײַך.
גיט אונדז די נאַבאווקע וועט איר מאַכן בעסער,
טאָמער וועט איר אונדז ניט געבן, גיט אונדז אָפּ די פּעסער".

3. גאָראָדאָוויע אי נאַדזיראַטיעלי נא פֿאַבריקו זאשלי,
פּאָדניאַלי נאַגײַקי אי קריקנולי „זשידי"!

סיאדטיע נא ראבאָטו, יא וואם גאָוואָריו,
יעסלי ווי ניע סיאדיעטיע, וו טיורמו פּאָסאזשו״.

פינקלשטיין דאָבע, שילערן פון ארבעטשול, אָדעס.

## 30

(בערעגאָווסקי מ.)

װאַריאַנט

1. דער בונט איז געוואָרן
איבער א נאבאוועקע,
מ'האָט ניט געוואָלט געבן
איז געוואָרן א זאבאסטאָווקע.

2. בא לאנדעסמאנען אין פאבריקע
איז געוואָרן א גערידער, *
דאָרט האָבן זיך צעבונטעוועט
די שוועסטער און ברידער.

3. זיי האָבן זיך געבונטעוועט
סע געוואָרן א געשריי—
ס'אריינגעגאנגען פּאָליציע—
„פּאָליציע דאָלוי!״

4. פּאָליציע ז'אריינגעגאן,
האָט מען געגעבן א געשריי—
„זאבעריטיע וואָט עטי בונטאָווששיקי
טאָלקאָ פּאָסקאָריי!״

5. „הערט נאָר אויס, קראָמבערג,
איר וועט עס ניט אויספירן,
אונדזערע ראבאָטשע
וועט מען ניט ארעסטירן״.

6. אזוי האָבן מיר זיך אויסגעזעצט
אלע אף די טישן,

---

* — גערודער.

אזוי האָט מען געגעבן
פּישקינען צו וויסן.

7. און פּישקין איז אַרײַנגעקומען:
„וואָס טוט איר דאָ שטיין?
ווער סע וויל נאַבאַווקעס,
מעג זיך גיין אַהיים".

8. פּישקין האָט געמיינט,
אַז ער וועט מאַכן בעסער.
מיר האָבן געגעבן אַ געשריי:
„גיט אונדז אָפּ די פּעסער!"

9. „אוי, מאָסיע פּישקין,
איך קאָן עס ניט פאַרשטיין—
אָפּצוגעבן די פּעסער
דאָס קאָן איך ניט אַליין".

10. אזוי האָבן מיר זיך אויסגעזעצט
אַלע אַף די טישן,
אזוי האָט מען געגעבן
לאַנדעסמאַנען צו וויסן.

11. לאַנדעסמאַן איז אַרײַנגעקומען:
„קינדער, וואָס איז דאָס?
איך בין דער גרויסער לאַנדעסמאַן,
איר פירט מיך בא דער נאָז".

12. רופט זיך אָן פּישקין:
„וואָס איז הײַנט פאַר אַ וועלט?
מ'האָט ערשט געלאָזט די פאַבריקע,
מ'האָט זי שוין, אוי, געשטעלט".

13. „הערט נאָר אויס, פּישקין,
איר מיינט מיר האָבן פאַרגעסן?
ווי לאַנג האָט מען אײַך געטראָגן
אין אָסטראָג אַרײַן דאָס עסן".

14. „הערט נאָר אויס, קינדער,
איר וועט דאָס ניט אויספירן,
ביז טויזנט קערבלעך וועט מיר קאָסטן —
מע וועט אײַך ארעסטירן.

15. איינ שאָ עסנ
גיב איך אײַך א נאבאווקע,
אָנ דער שאָ עסנ
וועט נאָך זײַנ א זאבאסטאָווקע".

16. מע האָט דאָך אונדז שוינ אונטערגעשריבנ
אזנדזערע ביכלעך,
מע האָט אונדז שוינ זאיאוועט,
מע גיט אונדז שוינ ראשטשאָט.

17. מע האָט אונדז נאָך אָנגעשריבנ
מיר זײַנענ סאָציאליסטנ,
מיר ווילנ נישט קיינ קייסער,
מיר גלייבנ נישט אינ גאָט.

לעהמאנ 30—29 נ.נ. צו וואר. אָדעס. ראָכל, פעסינ
בא- 16ב. 16א, 16, נ.נ. 37—32, ז.ז. א. א. פ.,
סטאָמסקי ז.ז. 88—89, נ.נ. 1—2.

## 31

(געלבמאנ א.)

1. מיר זײַנענ א פאָלק, וואָס מיר זינגענ לידער,
מיר זינגענ לידער פונ זיך אליינ.
נעמט אײַך צונויפ, שוועסטער אונ ברידער,
גיט איינס דעמ צווייטנ צו פארשטיינ.

2. א זאבאסטאָווקע האָבנ מיר געמאכט—
מיר האָבנ גאָרנישט אויסגעפירט,
די דיקארנ זײַנענ צו דער ארבעט געגאנגענ,
די סאָזנאטיעלנע האָט מענ ארעסטירט.

מעדזשיבאָדזש. צו דער ערשטער סטראָפע זע ווײַטער
די באמערקונג צום נ. 37, ז. 55.

## אנטיפּראָלעטאַרישע גאַסן־לידער אַפן דער שטרײַק־טעמע (1903—1906)

### 32

(בּערעגאָווסקי מ.)

1. אין אַלע גאַסן, ווו מע גייט
הערט מען זאַבאַסטאָווקעס,
יינגלעך, מיידלעך, קינד און קייט
שמיסן פון פּריבאַווקעס.
ווו מע גייט הערט מען: „ברידער,
לאָמיר לעבן פרײַ!
גענוג שוין, קיגדער, באַרגן, לײַען,
אַרבּעטן געטרײַ.
גענוג דעם שלעכטן בורזשער (!),
ער צאַפּט ווי אַ פּיאַווקע,
נאַר פּאַשעט, ברידער, אָן פאַנטאַזיע,
מאַכט אַ זאַבאַסטאָווקע"·
טידערא־לאַ, לאַ, לאַ, לאַ.

2. אַ שנײַדער־מיידל אויסגעבליכט,
זי קומט אַהיים ניט צופרידן,
זי שרײַט: „גענוג שוין זײַן אַ קנעכט,
פּופּצן שאָ דעם טיראַנ"·
ווי לאַנג איז זי געווען,
אַ פּראָסטינקע געוויינלעכע מאָדיסטקע,
אַצינד גייט זי די האָר צעפלאָכטן —
אַ פּיסקעלע ווי אַן אַרטיסטקע.
זי שיט מיט ווערטער גאָר אָן אַ שיר, —
אַ גאַנצע פילאָסאָפקע —
זי שרײַט: „די אַרבּעט ליגט אַוועק,
און מאַכט אַ זאַבאַסטאָווקע!"
טידערא־לאַ, לאַ, לאַ, לאַ·

3. אַ יונגערמאַן אַן אינטעליגענט,
ער רעדט זיך ווייניק געשליפן,
צום שרײַבן האָט ער צוויי גילדענע הענט
און ליפּעלעך אַפּ שרויפן·
קינסטלעך רעדט ער רוסיש גוט,
יידיש ניט קיין וואָרט,
לאַנגע האָר מיט שוואַרצע וואָנצעס —
אַ קאַפּצן פּערווע סאָרט.
ער גיט זיך אַ שטעל פאַר איין קאַסיר
און מאַכט אַ סאַמאַנדיראָווקע (?),

פארגעמט די קאסע ביז דעם שיר
און מאכט א זאבאסטאָווקע.
טירערא־לא, לא, לא, לא.

4. דאָרט ליופט א מוטער און שרײַט געוואלד
איר טאָכטער איז מעשוגע.
זי האָט צו טאָג מיט קלעק־פּאפּיר,—
עפּעס אזא קלוגע.
זי האָט כאווײרים ווייסט זיי ד׳ריכ *
מורנע (!) ** לײַט אין ברילן,—
לאנגע האָר מיט ווײַסע ש׳כ,
טוט נאָר דעם קאָפּ דולן,
אָכ און וויי, מײַן טאָכטער,
זי איז געוואָרן גראָבע, לאָווקע,
זי קרענקט שוין באלד דרײַפערטל יאָר
נאָכ זייער זאבאסטאָווקע.
טידערא־לא, לא, לא, לא.

5. דאָרט שרײַט א דאמע צו איר מאַנ
זי דארפ האָבנ געלט אפ קליידער,
ס׳וועט קומענ די גאָלדענע צײַט,
צו פאָרנ אינ די ווארעמע ביירער. ***
ער איז דאָכ איר טרייפ פאסקודנע,
זי רופט אים אָנ „דאָכליאטשע”,
דו זאָלסט אפילע דעם טויט באקומענ
דארפ איכ האָבנ א דאטשע.
דו זאָלסט אפילע שפּרינגענ צאפּאָם
באדארפ איכ האָבנ מאיאָווקע,
אויסשפּילנ וועל איכ מינאסטאם
פונ אונדזער זאבאסטאָווקע.
טידערא־לא, לא, לא, לא.

6. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .
איכ זינג, וואָס איכ קענ,
איכ האָרעווע שטענדיק מיט מײַנ קויעכ,
איכ זינג אײַכ מיט א ברענ,
איכ זינג אײַכ לידער פונ דער וועלט,
קעדיי עס זאָל אײַכ געפעלנ.
איכ זינג אײַכ לידער פונ דער וועלט,
איכ זינג אײַכ אזוי לאָווקע,
פארגעסט ניט, ברידער, איכ דארפ האָבנ געלט—
ס׳איז נאָכ דער זאבאסטאָווקע.
טידערא־לא, לא, לא, לא.

---

* — דער רועכ.
** — כמירנע.
*** — בעדער.

גוטקין גיטל, 28 יאָר, שטוב-באַלעבאָסטע, אָדעס. דאָס דאָזיקע ליד, פּונקט ווי אויך די וואַריאַנטן דערצו, זײַנען אַפּאָגעם פאַרפאַסט געוואָרן פון בעטלערישע גאַסן-זינגערס. אין דעם זאָגן אײרעס די לעצטע סטראָפע („איך זינג אײַך לידער פון דער וועלט, איך זינג אײַך אַזוי לאָווקע, פאַרגעסט ניט, ברידער, איך דאַרף האָבן געלט, ס׳איז נאָך דער זאַבאַסטאָווקע״) און דערריקער דער שפּאָטישער, פרעמדער, ערטערווײַז אַפילו פײַנטלעכער אינהאַלט פון דעם ליד און אויך די קופּלעטן-פאָרם זײַנע. אין די יאָרן 1903—1906 איז די זאַבאַסטאָווקע-טעמע געווען אַזוי אַקטועל, אַז דער גאַסן-זינגער אין די אַרבעטער-קוואַרטאַלן האָט זי ניט געקאָנט פאַרבײַגיין. ער באַאַרבעט זי אָבער אויף זײַן אויפן, זוכט אין איר אַרויס קאָמישע שטריכן, וואָס זאָלן קאָנען געפעלן פאַרשיידענע צוהערער, אויך דער ניט-אַרבעטערישער, קלײַנבירגערלעכער „אַאוּדיטאָריע״. דאָס ליד איז אַרײַן אין געזרויך פון באַשטימטע אָפּגעשטאַנענע אַרבעטער-שיכטן און איז אָפט וואַריִרט געוואָרן.

פון אַ וואַריאַנט, וואָס מיר פאַרעפנטלעכן אים ניט ווײַל ער כאַזוערט אין גרונט איבער דאָס געבראַכטע ליד, ברענגען מיר דאָ עטלעכע פערזן, וואָס קומען אין די איבעריקע וואַריאַנטן ניט פאָר.

איינער זאָגט: „לייג אוועק,
לייג אוועק די אַרבעט״.
דער צווייטער זאָגט: „לייג אוועק,
אַניט ווערסטו געהאַרגעט״.
דער דריטער זאָגט: „לייג אוועק,
וואָס אַרבעטסטו מער פאַר אַלע?
לייג אוועק דײַן אַרבעט
און גיי שוין צו דײַן קאַלע״.

פאַרשריבן איז דער דאָזיקער וואַריאַנט פון כ׳ בערע-גאָווסקי מ. בא אַן אומאַנער שנײַדער, לאַנגער אווראָם, וואָס האָט דאָס ליד געהערט אין 1905 יאָר פון יינגלעך און מיידלעך בא דער אַרבעט.

די דאָזיקע אַנטיפּראָלעטאַרישע קאַריקאַטורישע „שטרײַק-לידער״ זײַנען אינטערעסאַנט דערמיט, וואָס זיי ווײַזן אויף אַ נאַקעטן אויפן די פיליסטערישע, באַהאַלטן-פײַנטלעכע און דערבײַ פאָרט ערטערווײַז צופאַסלערישע באַציִונג פון קלייגבירגערטום צו די קאַמפן פון פּראָלעטאַריאַט אין דער צײַט פון דער ערשטער רוסי-שער רעוואָלוציע. מיר האָבן דאָ פאַר זיך אַ בולטן בײַשפּיל אויף וואָסער אויפן די רעאַקציאָנערע קליינביר-גערלעכע אידעאָלאָגיע באַמיט זיך אַרײַנדרינגען און ווירקן אויפן אַרבעטער מיט דער הילף פון פאָלקלאָר.

װאַריאַנט (פֿון אַנסקיס אַרכיװ)

1. אין אַלע גאַסן, װוּ מע גייט,
הערט מען זאַבאַסטאָװקעס,
ייִנגלעך, מיידלעך, קינד און קייט
זיי ריידן פֿון פּריבאָװקעס.

2. בענוג שוין, אוי, דעם שלעכטן בורזשוי,
אײַך צו זויגן װי אַ פּיאַװקע,
אָן פֿאַנטאַזיע, ברידער,
און מאַכט אַ זאַבאַסטאָװקע.

3. אַ מיידל קומט פֿון די (!) אַרבעט
טויט צו פֿליען,
זי שרײַט: „אוי, גענוג צו זײַן אַ קנעכט,
און פּערצן שאָ זיך מיען!!"

4. װי לאַנג איז זי געװען גאָר פּראָסט
און געװוּסט נאָר די מאָדיסטקע, —
אָט גייט, הו, די האָר צעלאָזט,
אַ פּיסקעלע װי איין אַרטיסטקע.

5. שיסן שיסט זי, הו, מיט װערטער,
אַ גאַנצע פֿילאָסאָפקע,
זי שרײַט: „די אַרבעט װאַרפֿט אַװעק,
און מאַכט אַ זאַבאַסטאָװקע!"

6. אַ יונגערמאַן אַ טיליגענט,
װינציק װאָס געשלאָפֿן,
צום שרײַבן האָט ער גילדענע הענט
און ליפּעלעך אָפּ שרויפֿן.

7. רוסיש רעדט ער אָן אַ שיר,
ייִדיש ניט קיין װאָרט,
שװאַרצע אויגן, בלאָנדיקע אוסעס,
אַ קאַפּצן פֿערװע סאָרט.

8. מע נעמט אים צו אין װאַלד פֿאַר קאַסיר,
ער מאַכט אַ סאָרטיראָװקע,
ער ליידיקט אויס די קאַסע ביז אַ פּירער
און מאַכט אַ זאַבאַסטאָװקע.

9. אַ מוטער שרײַט: „װיי איז מיר,
מײַן טאָכטער איז מעשיגע*

*) — מעשוגע.

זי האָט צו טאָג מיט פעק פאפיר,
עפעס מיט א קניגע".

10. איינ מוטער זאָגט: „מייַנ טאָכטער איז
געוואָרנ גרעבלעכ, דיקע—
זי קרענקט שוינ דרייַפערטל יאָר
פונ דער זאבאסטאָווקע.

11. א ווייַבל קריגט זיכ, הו, מיט איר מאנ,
זי דארפ האָבנ געלט אפ קליידער,
סע קומט שוינ די ווארעמע צייַט
צו פאָרנ אינ די ווארעמע בעדער.

12. זי זידלט אימ מיט פאסקודנע רייד,
זי רופט אימ אָנ דאָכליאטשע
זי זאָגט: „דו, זלידניע, קרענק אינדערהיים,—
איכ דארפ האָבנ א דאטשע.

13. מעגסט אפילע טאנצנ צאפּאָמ,
מוז איכ האָבנ א יאָווקע (?)
אז איכ וועל ניט אויספירנ,
איל איכ מאכנ א זאבאסטאָווקע.

טעמק י. מ., 35 יאָר. א בלינדער באנדוריסט (?), **שעפעטאָווקע.**

## 34

(קופערשמיד ש.)

וואריאנט

1. איב אלע גאסנ, ווו מע גייט,
הערט מענ זאבאסטאָווקע,
יינגלעכ, מיידלעכ, קליינ אונ גרויס,
מע רעדט נאָר פונ פריבאווקע.

2. איב אלע גאסנ, ווו מע גייט,
הערט מענ ריידנ פרייַ,
געגנוג צו לייַענ אונ צו באָרגנ
ארבעטנ געטרייַ.

3. געגנוג דעם רייַכנ בורזשואזיע
צו זויגנ ווי א פיאווקע,
שוועסטער, ברידער, אָנ פאנטאזיע,
מאכט א זאבאסטאָווקע.

4. א שנײַדער־מײדל אויסגעבלײכט
זי קומט אהײמ צופרידנ,
זי שרײַט: „געגוג שוינ זײַנ א קנעכט,
פערצנ שאָ דעמ ייִדנ“.

5. ווי לאנג האָט זי ניט מער געוווּסט,
נאָר ווי די מאָדיסטקע,
אָנ הײַנט גײט זי די האָר צעלאָזט,
פארפוצט ווי אנ ארטיסטקע.

6. זי שיט מיט ווערטער אָנ א שיר,
אזויווי א פילאָסאָפקע,
„שוועסטער אונ ברידער, אָנ פאנטאזיע,
מאכט א זאבאסטאָווקע“.

7. דאָרט זיצט א מוטער אונ װײנט אונ קלאָגט,
איר טאָכטער איז מעשיגע, *
זי האָט צו טונ מיט פעק פאפיר
אונ עפעס א מינ קניגע.

8. זי האָט כאווײרימ אָנ א שיר,
מאָדנע לײַט אינ ברילנ.
לײצימ, באָרוועס גאָר אָנ שיכ,
אונ קומענ זיכ נאָכ דולנ.

9. זינט מײַנ שוועסטער, אָכ אונ וויי,
געוואָרנ א פלוטאָווקע,
ווײסט דער רועכ זי מיט זײ,
מיט זײער זאבאסטאָווקע.

10. א יונגערמאנ א טיליגענט,
רעדט רוסיש, ייִדיש ניט קײנ וואָרט,
אונ זוכט א שטעלע פאר קאסירער.
מאכט א סאָנדיראָווקע (?),
ער לײדיקט אויס די קעשענעס ביז אײנ פירער
אונ מאכט א זאבאסטאָווקע.

טשערעפּינסקי ה., בעלאָצערקווע.

---

* — מעשוגע.

## III. קאַמפּ און קאָרבאַנעס

### 35

(קופּערשמיד ש.)

1. ווי מיר האָבן זיך אַלע סאָבּיראַיעט
מאַקאַוויצקיס שוף איז געוועזן פאַר אונדז שמאָל,
און ווער סע האָט געגעבן פּאָליציע צו וויסן,
דער זאָל ליגן אין קיעוו אין גאָשפּיטאָל.

2. מיר זײַנען זיך שוועסטער און ברידער,
און מיר האָבן זיך אַלע עמעס ליב,
מיר האָבן זיך אַלע סאָבּיראַיעט,
סאָבּיראַיעט אַלע אין איין שטיב.*

3. ווי דער אוריאַדניק איז נאָר אין שוף אַרײַנגעקומען,
אַזוי האָבן מיר זיך פאַרנומען מיט אים קריגן,
ס'איז באַלד אין שוף אַרײַנגעקומען קאָזאַקן מיט זשאַנדאַרן.
און מע האָט אונדז אָנגעהויבן אַלע אַרעסטירן.

4. ווי מע האָט אונדז, אוי, אַלע אַרעסטירט
צוויי אַזייגער באַנאַכט.
ווען דער זיסער שלאָף פאַרשלעפּערט יעדן מענטשן,
האָט מען אונדז אַלע אין א טורמע פאַרשפּאַרט.

5. ווי מע האָט אונדז נאָר קיין וואַסילקאָוו אַרויסגעשיקט
צוועלף אַזייגער באַטאָג,
און צווישן אונדזערע שוועסטער און ברידער
איז געוואָרן א יאָמער מיט א קלאָג.

---

* — שטוב.

6. ווי מע אונדז נאָר אין אוטשאסטאָק אריינגעפירט,
האָט מען געפלאָכטן פון שאשקעס א קייט,
מע האָט ניט צוגעלאָזט קיין מוטער צו קיין קינד
צו דערלאַנגען א שטיקעלע ברייט.*

קאשטעליאן זאַלמען, בעלאָצערקווע.

## 36

(סקודיצקי ז.)

וואריִאנט

1. אוי וויי, שוועסטער און ברידער,
|: מיר האָבן זיך אַלע עמעס ליב — :|
|: נאָר אז פּאָליציע, זי וועט זיך דערוויסן,
אז מיר סאָביראיען זיך אַלע אין איין שטיב.** :|

2. א פוילע שטוב האָבן מיר זיך אַלע סאָביראיעט,
|: מיר זײַנען געווען אַלע מיטאמאָך — :|
|: און ווער ס'האָט געגעבן פּאָליציע צו וויסן,
דער זאָל פוילן אין קיעוו אין גאָשפּיטאָל. :|

3. אף מאָרגן איז צו נ'אונדז דער פּריסטאַוו צוגעפאָרן
|: מיר האָבן זיך מיט אים עפּעס פארקריגט — :|
|: אזוי איז אָנגעלאָפן פּאָליציע מיט זשאנדארמען
און מע האָט אונדז שוין אַלע ארעסטירט. :|

4. ארעסטירט האָט מען אונדז אַלע,
|: דאָס איז געווען ארום צוויי אזייגער באנאכט. :|
|: אזוי האָט מען אונדז אַלע צונויפגענומען
און מע האָט אונדז אין אָסטראָג פארשפּארט. :|

5. אף מאָרגן האָט מען אונדז געדארפט קיין וואסילקאָוו ארויסשיקן,
|: דאָס איז געווען ארום צוויי אזייגער באטאָג, :|
|: אזוי זײַנען אָנגעלאָפן די פּאָטערס און די מוטערס
און ס'איז געוואָרן א יאָמער מיט א קלאָג. :|

---

* — ברויט.

** — שטוב.

6. — אוי, הערט שוין אופ צו וויינען און צו קלאָגן,
|: פאַלט בא זיך אפ אזויפיל ניט אראָפ, :|
|: אפ אייערע קינדער וועט מען אייך אמאָל מעקאנע זיין —
ווייל זיי סטראדאיען, נעבעך, פארן גאנצן נאראָד. :|

ברעסלער י. סקווירע.

37

(גאָראָכאָווסקאיא ד.)

1. אוי, וויי, ברידער, מיר זינגען לידער,
מיר זינגען לידער פון זיך אליין.
נעמט זיך צונויפ, שוועסטער און ברידער,
און גיט זיך אלע צו פארשטיין.

2. אוי, צו פארשטיין וועלן מיר זיך געבן
אפ דער סאָבראַניע אפ דער נאכט:
אז איר וועט ארבעטן פון אכט ביז צען, וואָס־זשע וועט איר דאָ געווינען?
אז איר וועט ארבעטן פון אכט ביז פיר, וועט איר דאָ פארדינען.

3. אפ דער סאָבראַניע זיינען מיר געגאנגען,
א שפיאָן האָט אונדז דערזען.
מיט פּאָליציע האָט ער אונדז צוגענומען,
גלייך צום איספּראַווניק אהיים.

4. וויאזוי מיר זיינען נאָר אהין געקומען,
דערשראָקן זיינען מיר געבליבן שטיין,
די פּאָקאַזאַניע האָבן מיר אָפּגעגעבן,
אָפּגעלאָזט האָט מען אונדז אהיים.

5. וויאזוי מיר זיינען נאָר אהיים געקומען
נאָך איין ברודער האָט אונדז געפעלט —
ביזן לעצטן טראָפּן וועלן מיר גיין,
אז אונדזער ברודער זאָל זיין אינדערהיים.

6. נעמט זיך צונויפ, שוועסטער און ברידער,
נעמט זיך צונויפ אלע איניינעם!

## הייבט נאָכ אופ די פאָנ נאָכ העכער
## אונ האָט ניט מוירע פאר קיינעמ.

פארשריבנ בא א שילער, זינקאָוו. די ערשטע סטראָפע וואַריִרט פונ דער ערשטער סטראָפע פונ ווארשאווסקיס ליד: „גרויסער גאָט מיר זינגענ לידער". אינ א וואריאנט פונ געבראכטנ ליד, וואָס עס האָט פארשריבנ כ׳ געלבטאג אינ מעדזשיבאָזש בא א זעקס יאָריק מיידעלע, קומט צום סאָפ ליד פאָלגנדע סטראָפע:

„וואָס אזויפיל שולדיק דער ארבעטאָרער,
וואָס מע טרעט אימ מיט די פיס?
דער באלעבאָס, ער ציט זיכ ארויס די לעצטע קויכעס,
אונ מאכט זיינ לעבנ צוקער זיס".

38

(קופערשמיד ש...

וואריאנט

1. מיר זיינענ דאָס פאָלק, וואָס מיר זינגענ לידער,
אונ די הילפ איז פונ אונדז אליינ,
נעמט זיכ צונויפ, שוועסטער אונ ברידער,
גיט איינס דעמ צווייטנ צו פארשטיינ.

2. ביזוואנענ וועט איר זיינ אזוי דומ,
אונ מע וועט אייכ טרעטנ מיט די פיס,
אונ מע צאפט ארויס פונ אייכ דעמ לעצטנ טראָפנ בלוט,
אונ מע מאכט זיכ א לעבנ צוקער־זיס.

3. אופ אסאכ סאָבראניעס זיינענ מיר געגאנגענ
אונ איינ שפיאָנ האָט אונדז נאָכגעזענ,
מיט פאָליציי האָט ער אונדז פארנומענ
אונ צומ ספראווניק גלייכ אהיימ.

4. ווי מיר זיינענ צומ ספראווניק אָנגעקומענ,
ווי דער שאָטנ זיינענ מיר געווענ,
די פאָקאזאניע האָבנ מיר אימ אָפגעגעבנ,
אונ אָפגעלאָזט האָט ער אונדז אהיימ.

5. אהיים, אהיים האָט ער אונדז אָפּגעלאָזט,
און פֿון אונדזערע ברידער קיינעם ניט.
מיר דאַרפֿן זען פאַר זיי גיין
ביזן לעצטן טראָפּן בלוט.

6. זומערדיקן טאָג בא דער אַרבעט אויסצוזיצן,
און די אַרבעט איז מיט נויט,
מיר האָרעווען אויס אַלע אונדזערע קויכעס
פאַר דעם דאַרן שטיקל ברויט.

7. גים א קוק אַף די קאַפּיטאַליסטן,
ווי אַלע טאָג ווערן זיי געזונט און רויט —
גים א קוק אַפֿן ניעסטשאַסטנע אַרבעטער,
ווי ער שטאַרבט פאַר א שטיקל ברויט.

בעלאָצערקווע, וואַריאַנטן צו נן. 38,37 — לעהמאַן א.א.פּ., ז. 89, נ. 44. די לעצטע צוויי סטראָפֿעס שטימען ניט מיטן גאַנצן גאַנג פֿון ליד. מעגלעך, אַז דער זינגער האָט זיי אַהער צוגעצויגן פֿון א צווייטן אומבאַקאַנטן ליד.

## 39

(בערעגאָווסקי מ.)

פֿראַגמענט

1. הינטער דער סאָפּיעווקע * הערט זיך א גערודער,
ס'האָבן זיך סאָביראַיעט שוועסטער און ברידער,
ס'האָבן זיך סאָביראַיעט א גרויסע קאָמפּאַניע,
אַף דער פּריַיע און אַף סאָבראַניע.

פֿאַרשריבן בא אן אַרבעטערן פֿון אומאַנער טריקאָטאַזש-פֿאַבריק, אומאַן.

* סאָפּיעווקע — א פּאַרק אין אומאַן.

(סקודיצקי ז.)

1. שאבעס באטאַג איז א יאָמער מיט איין קלאָג,
|: מע פירט די ראבאַטשע פונ בירזשע אינ אָסטראָג. :|

2. ווי מע האָט זיי נאָר אינ דעם אָסטראָג ארײַנגעבראכט,
|: אזוי האָט מענ באלד א פראָטאָקאָל געמאכט. :|

3. וועסטער אונ ברידער, פונ טורמעס ניט אָפּשרעקנ,
|: ארויסט פונ דער טורמע די ברידערלעכ דערוועקנ. :|

4. ארויסט פונ דער טורמע מיט באָמבעס, מיט ראביר, —
|: ניט שווײַגנ די טיראנער, זיי זויגנ אונדזער בלוט. :|

5. די זויגנ אונדזער בלוט אונ זיי טרינקענ דעם בעסטנ ווײַנ,
|: מיקאָלקע מיט דער פראוויטעלסטווע זאָל אינ דר'ערד ארײַנ. :|

6 אז מיקאָלקע וועט אינ דר'ערד אראָפּ,
|: וועלנ אונדזערע ארבעטער ערשט אופהייבנ די קאָפּ. :|

7. ווי מ'האָט איינ געשריי געגעבנ: „ייִדנ אונ קריסטנ",
|: האָבנ מ'ר געענטפערט — „דאָלוי קאפיטאליסטנ". :|

8. ווי מ'האָט איינ געשריי געטאָנ: „לעווע אי נאפראווע",
|: האָבנ מיר געענטפערט — „דאָלוי סאמאָדערזשאוויע." :|

ברעסלער ל. סקווירע, װאריאַנט צו דער ערשטער סטראָ־
פע — לעהמאנ א. א. ס., ז. 93, נ. 47. אינ דעם ליד
אונ אינ זײַנ װאריאַנט דאַרפ מענ פעסטשטעלנ קליינ־
בירגערלעכ־אנארכיסטישע עסערישע ווירקונגענ („מיט באָמ־
בעס, מיט ראביר", „מיט באָמבעס אונ דינאמיט").

41

(פונ אנסקיס ארכיוו)

וואריאנט

1. דעם נײַנטנ יאנואר איינ יאָמער מיט א קלאָג,
|: מע פירט אונדזערע ברידער פונ בירזשע אינ אָסטראָג. :|

2. אזויווי מ'האָט זיי באַר אהינ ארײַנגעבראכט,
|: אזוי האָבנ מיר (!) זיכ אלע א ניידער געמאכט. :|

3. ברידער און שוועסטער, פֿאַר קיין טורמעס זיך ניט אָפּשרעקן,
|: ארויס פֿון די טורמעס אַלע מענטשן צו דערוועקן. :|

4. ארויסט פֿון די טורמעס מיט באָמבעס און דינאַמיט,
|: פֿאַרניכטן די טיראַנען, וואָס זויגן אונדזער בלוט. :|

5. וואָס זויגן אונדזער בלוט, ווי דעם בעסטן וויַין, —
|: דער קייסער מיט דער פּראַוויטעלסטוואָ זאָל אין דר'ערד אריַין — :|
און זיי וועלן אהין אריַין.

6. אָט דעמלט וועלן מיר, ארבעטער, אופֿהייבן די קעפּ, די וועלט
וועט ווערן בנײַט,
דעמלט וועלן מיר, ארבעטער, ווערן באפֿרײַט.

גורפֿינקל כ. 27 יאָר, שנײַדער, שעפּעטאָווקע. דעם ערשטן פֿערז פֿון דער דריטער סטראָפֿע האָט דער זינגער געזונגען אזוי: „ברידער און שוועסטער, ניט זיך אָפּשרעקן זיך פֿאַר קיין טורמעס". פֿונעם צווייטן ערז אין דער זעלבער סטראָפֿע און פֿון דעם זעלבן פֿערזאיבן פֿאַריקן ליד איז אָבער קלאָר, אז דער זינגער האָט דאָ פֿאַלש געגרײַזט. מיר האָבן דעריבער אופֿגעשטעלט דעם נאָרמאַלן טעקסט פֿונעם פֿערז: „ברידער און שוועסטער פֿאַר קיין טורמעס זיך ניט אָפּשרעקן"

## 42

וואַריאַנט (ארגוס — פּאַסטאַוועלסקי)

1. שאַבעס נאָך וואַרמעס גייען מיר אין גאַס,
הערן מיר א טומל מיט א גרויסן ראַש,

2. א גרויסן ראַש מיט א גרויסן קלאַנג,
מע פֿירט אונדזערע ברידער פֿון דוואָריאַנסקי סאַד אין אָסטראָג.

3. ברידער און שוועסטער, איַיך זאָל דאָס ניט אָפּשרעקן,
מיר וועלן ארויס פֿון טורמע, וועלן מיר מענטשן דערוועקן.

4. מענטשן דערוועקן מיט גײַסט און מיט מוט,
פֿאַר אונדזער עמעס צאַפּט מען אונדזער בלוט.

5. מע צאַפּט אונדזער בלוט און מע טרינקט זי ווי ווײַן,
מיר ווילן, אז די פּראַוויטעלסטווע זאָל ניט זײַן.

6. קיין פּראַוויטעלסטווע זאָל ניט זײַן און קיין הערשער אויך דערצו,
דער קייסער מיט דער באַנדע זאָל ניט זײַן הי.

וויטעבסק. אין געוועזענעם דוואָריאַנסקי סעדל אין וויטעבסק פלעגן פאָרקומען אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען.

43

(רײַכשטיין כ.)

1. ס'איז דרעמל אין שטעטל, די לאָדן פאַרמאַכט,
דאָרט דרייט זיך אַרום אַ סאָלדאַט אויף דער וואַך.
אַ מאָוער אַ פּעסטער, געמאָוערט פון שטיין,
די טירן באַפּעסטיקט, אַז מע קאָן ניט אַרויסגיין.

2. עס איז פינצטער אין טורמע, מע זעט ניט קיין שײַן,
די שטראַלן פון דער זון קומען קיינמאָל ניט אַרײַן,
מע הערט נאָר ניִשט מיין ווי דעם ביי'זן געשריי:
„לעזשי־זשע ספּאָקוינאָ, פּרעסטופּניק, סקאָריי".

3. פון זיצן אין טורמע בין איך זיך שוין מיד,
פון זיצן אינדערפינצטער בין איך זיך שוין באַלד בלינד.
דאָרט הער איך אַ שליסל, עס סקריפּעט אין דער טיר —
אויף אַ וואָפּראָס* רופט מען מיר.

4. דאָרט האָט מיך אַ מאָסער מיט ווערטער באַגריסט:
„וואָס פרישאָל איק נאַם סאָציאַליסט".
מע נעמט מיך מיט קאָנוויען צוריק אין טורמע אַרײַן
און מע פאַרשפּיסט מיך אין קאַמער, איך זאָל ניט זען קיין שײַן.

5. עס קומט אָן דער יאָנטעוו דער ערשטער מײַ —
אוי, ווי וואָלט איך כאָטש געוואָלט זײַן איין שאָ אויף דער פרײַ,
און צו טראָגן די רויטע אַלמעכטיקע פאָן,
אַזוי ליג איך אין טורמע און קאָן גאָרניט טאָן.

גאָלדפעלד ציווּיע, באַרדיטשעוו. וואַריאַנט — לעהמאַן אַ. פּ., זײַטן 94—95, נ. נ. 49, 49א. ווי לעהמאַן באַ

* — דאָפּראָס.

מערקט (א. א, פ. ז. 134) איז די ערשטע סטראָפע וואריִירט נאָך דער ערשטער סטראָפע פון יוסעף העפּט-מאנס ליד „עס דרעמלט דאָס שטעטל" (איליוסטרירטע וועלט, נ. 16, ערשטער יאָרגאנג).

## 44

(קופּערשמיד ש.)

א וואריִאנט צום הירש לעקערט-ליד

1. ווי איסקער איז פון דער שטוב ארויסגעגאנגען,
גענזאָגט האָט ער דעם ווײַב: „א גוטע נאכט!"
|: ווי איסקער איז צום טעאטער צוגעגאנגען,
דאָרט האָט ער זײַן לעבן גוט באטראכט. :|

2. ווי איסקער איז אין טעאטער ארײַנגעגאנגען,
גענומען האָט ער א בילעט אין פערווע ריאד,
|: ווי איסקער איז אין טעאטער ארײַנגעגאנגען,
דאָרט האָט ער זײַן צײַט אויסגעוואַרט. :|

3. ווי דער גובערנאטער איז פון טעאטער ארויסגעגאנגען,
א געשריי האָט ער געגעבן: „איזוואָשטשיק סיודא!"
|: איסקער האָט ארויסגעכאפּט דעם רעוואָלווער
און האָט אים געטראָפן גלײַך אין זײַט. :|

4. ווי איסקער האָט דעם גובערנאטער דערשאָסן,
איז געוואָרן א ראש מיט א גערודער,
|: ס'האָט זיך אָנגערופן איינער צו דעם צווייטן:
„אָט דאָ איז שוין פארפאלן אונדזער ברודער". :|

5. ווי מ'האָט איסקערן אין פּאָליציע ארײַנגעבראכט,
אליין אין א צימערל פארשפארט,
|: איסקער זיצט דאָרט בא דעם קאנעצל,
און האָט דאָרט זײַן לעבן גוט באטראכט. :|

6. ווי דער קאזיאָנע ראבינער איז צו איסקערן ארײַנגעגאנגען:
„זאָג שוין אָפּ ווידעניו, מײַן קינד".
|: „אוועק, אוועק דו ייִדישער טיראנער,
אָ, טו שוין וואָס דו ווילסט מיט מיר. :|

7. שיקט מיר ארײַנרופֿן מײַן ווײַב טײַבעלע,
לאָמיך זיך געזעגענען מיט דיר,
|: אז סע וועט בא דיר געבוירן ווערן א ייִנגעלע,
א נאָמען זאָלסטו געבן נאָך מיר. :|

פּראגער ראָכל, 18 יאָר, בעלאָצערקווע. וואריאנטן — לעהמאַן א. א. פּ. ז. 52, 60, נ. נ. 23, 23א, 23ב, 23ג. באסטאָמסקי ז. 129, נ. 3. באסטאָמסקיס וואריאַנט פּאַרייניקט צוויי לידער — דאָס הירש לעקערט־ליד מיטן ליד „צוועלף אזייגער נאָך האלבער נאכט ליג איך מיר און טראכט" (אין אונדזער זאמלונג נ. 45 און וואַריאַנטן נ. .

## 45

(קופּערשמיד ש.)

1. צוועלף אזייגער נאָך האלבער נאכט
ליג איך מיר און טראכט —
אוי, גאנץ פּאָליציע צו מיר איז שטוב ארײַנגעגאַנ,
אוי, ארײַנגעגאַנ,
רופֿן זיי זיך אָנ: „אָט דאָס דאַרפֿן זיי זײַנ, אוי וויי, זײַנ".

2. אוי, איינס אזייגער בא דער האלבער נאכט
ליג איך מיר און טראכט,
אוי וויי, מע האָט מיך אינ פּאָליציע ארײַנגעבראַכט,
אוי, ארײַנגעבראַכט,
מײַנ הארץ האָט מיר געזאָגט, אז דאָס איז שוינ דער לעצטער
אפּדערנאכט, אוי, אפּדערנאכט.

3. אוי, צוויי אזייגער בא דער האלבער נאכט,
ליג איך מיר און טראכט,
אוי וויי, מע האָט מיך אינ דער אָדינאָטשקע, אוי, אָפּיינ פֿארשפּארט,
אוי וויי, פֿארשפּארט.
מײַנ הארץ האָט מיר געזאָגט, אז דאָס איז שוינ דער לעצטער
אפּדערנאכט, אוי, אפּדערנאכט.

4. דרײַ אזייגער בא דער האלבער נאכט,
ליג איך מיר און טראכט,

אוי ווײ, מע האָט מיר דעם סמערטנע פּריגאָוואָר אַרײַנגעבראַכט,
אוי אַרײַנגעבראַכט.
מײַן האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס איז שוין דער לעצטער
אָפּדערנאַכט, אוי אָפּדערנאַכט.

5. דער זייגער האָט שוין אויסגעשלאָגן פיר,
עפנט זיך די טיר,
איך גיב א קוק דער קאַזיאָנער ראַבינער שטייט שוין לעבן מיר,
אוי לעבן מיר.
„שטיי שוין אויף, מײַן קינד, און ווידע לאָמיך זאָגן מיט דיר".

6. אוי, איר ראַבינער, וואָס איז דאָס פאַר א וועלט? וואָס איז דאָס
פאַר א וועלט?
צוויי אומשולדיקע ברידער גייען יונג פון דער וועלט, אוי ווײ,
יונג פון דער וועלט.
אַזוי איז געוואָרן א יאָמער מיט איין קלאָג,
צוויי אומשולדיקע ברידער זאָלן גיין יונג פון דער וועלט.

ביילע פלאַקס, 14 יאָר, בעלאַצערקווע, גרוזיע.

48

(פון אנסקיס ארכיוו)

וואַריאַנט

1. רוישכוידעש עלעל, מאַמעניו, אָפּדערנאַכט,
אוי, ליג איך מיר און טראַכט,
אַזוי האָט מען בא גרינגבערגן די אָבלאַווע געמאַכט, אוי, ווײ,
מײַן האַרץ האָט מיר געזאָגט, אוי, מאַמע, אַז הײַנט איז שוין דער
לעצטער אָפּדערנאַכט.

אוי, ליג איך מיר און טראַכט.

2. אוי, צוועלף אַזייגער, מאַמעניו, סע איז שוין א האַלבע נאַכט,
אוי, ליג איך מיר און טראַכט,
אוי, טיר און טויער, מאַמעניו, אין דעם אָסטראָג פאַרמאַכט,
מײַן האַרץ טוט מיר זאָגן, מאַמע, אַז הײַנט איז שוין דער
לעצטער אָפּדערנאַכט.

אוי, דער לעצטער אָפּדערנאַכט.

3. אוי, איינס אזייגער, מאמעניו, נאָכ א האלבע נאכט,
אוי, ליג איכ מיר אונ טראכט,
אוי, אזוי האָט מענ מיר, מאמעניו, די רעשעניע געבראכט,
מײַנ הארצ האָט מיר געזאָגט, מאמע, אז הײַנט איז שוינ
דער לעצטער אפדערנאכט.
אז הײַנט איז שוינ דער לעצטער אפדערנאכט.

4. צווײ אזייגער, מאמעניו, אינ דער נאכט,
אוי, ליג איכ מיר אונ טראכט,
אזוי האָט מענ מיר, מוטער מײַנע, מײַנ פאָטער געבראכט —
„אוי ווײ, קומ הער, פאָטער, צו מיר, געזעגענענ לאָמיר זיכ מיט דיר,
געזעגענענ לאָמיר זיכ מיט דיר".

5. אוי, דרײַ אזייגער, מאמעניו, אינ דער נאכט,
אוי, ליג איכ מיר, מאמעניו, אפ דער דינאָטשקע* אונ טראכט.
אוי ווײ, מײַנ הארצ האָט מיר געזאָגט, אוי, מאמע,
אז הײַנט איז דער לעצטער אפדערנאכט.

6. אוי, פיר אזייגער, מאמעניו, סע שוינ באלד נאָכ דער נאכט,
אוי, ליג איכ מיר אונ טראכט,
אזוי האָט מענ מיר, מאמעניו, דעמ קאזיאָנע ראבינער געבראכט.
אוי ווײ, קומ הער, מײַנ קינד, צו מיר אונ ווידע לאָמיכ אָפזאָגנ
מיט דיר.

7. אוי, פינפ אזייגער, מאמעניו, סע שוינ באלד נאָכ דער נאכט,
אוי, ליג איכ מיר אונ טראכט,
אוי אזוי האָט מענ מיר, מוטער מײַנע, מײַנ שוועסטער געבראכט,
אוי ווײ, קומ הער, מײַנ שוועסטער, צו מיר,
אונ זענ וועסטו זיכ מײנ ניט מיט מיר.

8. אוי, זעקס אזייגער, מאמעניו, סע איז שוינ נאָכ דער נאכט,
איכ ליג מיר אונ טראכט,
אוי, אָט אזוי האָט מענ אונדז, מוטער מײַנע, צו אָדעסער טליִע
געבראכט.
אוי ווײ, אינ אָדעס איז געוואָרנ א יאָמער מיט איינ קלאָג —
צווײ ברידער אופגעהאנגענ אינ איינ טאָג.

* — אָדינאָטשקע.

ליבערזוכ, פּאָלאָנע. וואריאַנטנ צו נ. נ. 45, 46 באַלעהאַנענ א. א. פ. ז. 99, נ. 52. אינ ס. אושעראָװיטשעס בוכ וועגנ טויט־שטראָפנ אינ צאַרישנ רוס־לאנד „Кривавий синодик царату“ ДВУ, 1930 געפינענ מיר אפ דער ז. 183 א ידיעה וועגנ צוויי ברידער טרעגער, קאַלמענ אונ יאַנקל, וואָס זײַנענ געקעפּט געוואָרנ אינ אָדעס דעמ 20 יאַנוואַר 1907 יאָר. מע האָט זיי כוישעד געווענ אינ דעמ, אַז זיי האָבנ געשאָסנ אינ פּאָליציי־לײַט. אינ דרײַ וואָכנ ארומ נאָכ דער קעפּונג האָט זיכ ארויסגעוויזנ, אַז זיי האָבנ אינעמ שיסנ קיינ אָנטייל ניט גענומענ. ווי עס גיט אָנ אושעראָוויטש, זײַנענ דאָס די איינציקע צוויי ייִדנ ברידער, וואָס זײַנענ געקעפּט געוואָרנ אינ אָדעס אינ א יינ אונ דעמ זעלבנ טאָג. עס איז גאַנצ מעגלעכ, אַז אונדזערע נומ. 45 אונ 46 באַציִענ זיכ טאַקע צו אָט דעמ פאַל. אפ דעמ זאָגנ איידעס פּאָלגנדע מאָמענטנ: נומ. 45 דערמאָנט באַזונדערס דעמ מאָטיוו פונ אומשולדיקײַט („צוויי אומשולדיקע ברידער גייענ יונג פונ דער וועלט“), נומ. 46 גיט אָנ פּארנ אָרט פונ די געשעענישנ די שטאָט אָדעס.

## 47

(ר ײַ כ ש ט ײ נ כ.)

1. גנעסי איז געגאַנגענ פונ דעמ עסנ,
אונ זי האָט זיכ פונ גאָרניט ניט געוווּסט,
אונ דער פּריסטאַוו איז איר אַנטקעגנ געגאַנגענ
אונ האָט זי געשאָסנ אומזיסט.

2. גנעסי איז אַ טויטע געפאַלנ,
מיט אירע ליבע אויגנ פאַרמאַכט.
— מיר וויקלענ דיכ אינ דער פאָנ אינ דער רויטער
אונ פאַלנ מיט דיר צוזאַמענ אינ שלאַכט.

3. ווענ מע האָט גנעסינ אינ באָלניצע ארײַנגענומענ
האָט זי געהאַט צו לעבנ צענ מינוט —
אונ דורעכ די גאַסנ, וואָס מע האָט זי געטראָגנ,
איז געווענ פאַרגאָסנ מיט בלוט.

4. ברידער, מיר טאָרנ אינ דעמ ניט שווײַגנ,
פאַר אונדזער שוועסטערס בלוט.

מיר דארפֿן די פּלעקן אָפּוואַשן
מיט באָמבעס און מיט דינאַמיט.

גאָלדפֿעלד ,צ. באַרדיטשעוו. א וואַריאַנט פֿון דעם ליד געדרוקט אין דער זאַמלונג 1905, צונויפֿגעשטעלט פֿון א. יודיצקי און ע. פֿינינבערג (מעלוכע-פֿאַרלאַג פֿון אוקראַינע, 1925), ז. 56. אין זאַמלבוך „1905 יאָר אין באַרדיטשעוו, נאָטיצן און זיכרוינעס" (קיעוו (1926 ?)) ווערט דערציילט (ז. 101) וועגן גנעסיע שפּאַק (געבראַכט געקירצט): „א מאַסעווע אַרבעטאָרן געווען. אַפּ א דעמאָנסטראַציע בעשאַס די שטורמישע אָקטיאַבער־טעג פֿון 1905 האָט מען זי דערהאַרגעט. איז א לעווייַע געווען. א צענטויזנטקעפּיקע פּראָלעטאַרישע לעווייַע מיט פֿאָנען, מיט אויפֿשריפֿטן, מיט קרענץ, מיט א שווערע זיך גויקעט זייַן. דערנאָך האָט מען א ליד געזונגען, גנעסיס ליד. אַפּאָנעם, אַז אונדזער נ. 47 איז אָדער געווי גנעסיס ליד, אָדער יעדנפֿאַלס א וואַריאַנט דערפֿון. די צווייטע סטראָפֿע וואַרייִרט די פֿאָלגנדע סטראָפֿע פֿון סאָרע־ריוועסעס ליד „אָ, ליבער, מיר האָבן געשלאָסן":

„און ביסטו געפֿאַלן א טויטער,
די אויגן די ליבע פֿאַרמאַכט,
איך וויקל דיך איין אין דער פֿאָן אין דער רויטער
און פֿאַל אין דער בלוטיקער שלאַכט".

•
•

## 48

(גאָראָכאָווסקאַיאַ ד.)

1. שאַבעס זייַנען מיר אין וואַלד אַרייַנגעגאַן,
פֿון גאָרניט האָבן מיר ניט געוווּסט.
די פּאָליציע האָט אונדז באַפֿאַלן
און לייבישן געשאָסן גאָר אומזיסט.

2. וויאַזוי * מ'האָט לייבישן געשאָסן,
געבליבן ליגן איז ער טויט.
אַלע כאַוויירים זייַנען צעלאָפֿן,
נאָר לייבישן געטראָפֿן אין א נויט.

---

* וויאַזוי באַטייַט דאָ דאָס זעלבע, וואָס „ווי" „ווי נאָר". זע דעם זעלבן אויסדרוק בײַ לעהמאַנען א. א. פּ., ז. 52., נומ. 23.

3. וויאזוי מ'האָט לייבישן געשאָסן,
גערונען האָט פון אים א טײַך בלוט.
אלע כאווײרים זײַנען אהיים געלאָפן,
נאָר לייבישן זעט מען ניט צוריק.

4. וויאזוי מ'איז אין שטאָט ארײַנגעגאנ,
געוואָרן איז א יאָמער און א קלאָג.
לייבישעס מוטער איז אָנגעלאָפן,
וואָס פאר אן אומגליק איז געשען איר אין דעם טאָג.

5. לייבישן וועט מען באהאלטן,
מיר וועלן אים ניט זען צוריק, —
אונדזערע כאווײרים וועלן ניט פארשווײַגן,
אין לייבישעס אומזיסטיק פארגאָסן בלוט.

פארשריבן בא א שילער, זינקאָוו.

## 49

(סקודיצקי ז.)

1. אוי, מיטוואָך איז פּערווי מײַ,
איז אונדזער כאווער שיקע געגאנגען זיך באָדן,
|: נאָר פּלוצלינג איז אָנגעקומען א וויסטיקע טעלעגראם,
אז אונדזער כאווער שיקע איז דערטרונקען געוואָרן. :|

2. און מיר טאָווארישטשעס, מיר האָבן דאָס נאָר דערהערט,
מיטן פּאָנעם זײַנען מיר געפאלן צו דער ערד.
|: נאָר מיר טאָווארישטשעס, מיר ווילן גיין אלע גלײַך,
מיר ווילן באַרינגלען דעם פּיטעראָווער טײַך. :|

3. ווי מיר האָבן זיך מיט לאָדקעס געלאָזט שווימען —
מע האָט דעם כאווער אישיקע נישט געקאָנט געפינען,
|: נאָר יאָסל דער פּיליער האָט א נעץ אין וואסער אראָפּגעלאָזט
מע האָט דעם כאווער שיקע פאר א פוס ארויסגענומען. :|

4. ווי מע האָט אים פונעם טײַך ארויסגענומען,
איבער גאנץ פּיטעראָוו האָט מען אים געפירט.

|: נאר זיינ קאפ קוטשערנ, וואס האט אנגעהויבנ צו בלימענ,
מיטנ וויסנ ליילעכ זיינ פאנעמ צוגעדעקט. :|

5. אוי, ווי מע האט אימ גענומענ פירנ,
איז דאכ אנגעקומענ דער פריסטאוו און האט אימ ניט געלאזט צונעמענ.
|: „אוי, אוועק, דו מערדער, דו גרויסער כוליגאנ!"
מיר האבנ דעמ טאווארישטש שיקענ אינ שטוב אריינגענומענ. :|

6. און ווי מע האט אימ אינ שטוב אריינגענומענ,
אזוי איז די מוטער באלד כאלאשעס געבליבנ.
|: אוי, מיר טאווארישטשעס, מיר דארפנ וויינענ און קלאגנ,
וואס מיר טוענ באגראבנ אזא מינ גוטנ ברודער. :|

7. אוי, א שא מיט פינפ מינוט האט געדאווערט זיינע קליידער,
מע טוט דעמ כאווער שיקע פונ דער וועלט צונעמענ,
|: נאר די רויטע פאנ, וואס זי הענגט איבער זיינעמ קייווער —
מיט דער נאסער ערד שיקעס פאנעמ צוגעדעקט. :|

ברעסלער ל. סקווירע.

## 50

(סקודיצקי ז.)

1. די ביכער מיט די סעקרעטנ,
וואס האבנ כאוויי״ימ אנגעווירנ.
|: אט דאך איז כאווײדים, ניט אזוי
אט [illegible]ט דער גאראדאווי. :|

2. דער גאראדאווי איז צו מיר צוגעקומענ
און האט בא מיר די פאקאזאניע אפגענומענ.
|: נאר זאגנ זאג איכ אימ, אז ניינ,
אז איכ בינ אפ דער סאבראניע ניט געווענ. :|

3. ער האט מיכ גענומענ צומ שלאגנ,
איכ זאל אימ דעמ עמעס אויסזאגנ,
|: און אז איכ וועל אימ דעמ עמעס אויסזאגנ,
וועט ער מיכ קיינ סימביר אוועקיאגנ. :|

4. ער האָט מיך אַרײַנגעזעצט אין אַ פֿינצטערער טורמע,
וווּ באַטאָג איז נאָך ערגער ווי באַנאַכט.
‎:| מע זעצט אונדז, כּאַווײרים, אין די טורמעס
אין די פֿינצטערע קאַמערעס פֿאַרשפּאַרט. :|

5. צי האָב איך אַ מענטשן געהאַרגעט?
צי האָב איך אַ מענטשן געטויט?
‎:| פֿאַרוואָס קומט מיר אין טורמע צו זיצן?
פֿאַרוואָס קומט מיר אַף אַרכאַנגעלסק צו גיין? :|

ל. ברעסלער, סקווירע.

## 51

(בערעגאָווסקי מ.)

1. כ'האָב געקאָנטשעט די אַכט קלאַסן,
איך בין אַ ייִנגעלע פֿון דער גימנאַזיע אַרויס,
‎:| איך האָב פֿאַרפֿירט, פֿאַרפֿירט אַ גרויסע ראָליע,
שוועסטער און ברידער, איר האָט זיך איינס. :|

2. מ'האָט מיך געכאַפּט מיט מײַנע ביכער,
מ'האָט מיך אַרײַנגעזעצט אין דעם אָסטראָג,
‎:| איר נעמט זיך צונויף, שוועסטער און ברידער,
צי איז דען דאָ אַף דער וועלט אַ גאָט. :|

3. מ'האָט מיך פֿאַרסודיעט אין אַ פֿינצטערן כיידער,
קיין טינט און פֿעדער האָב איך ניט בײַ זיך,
‎:| איך הער איין קאָל, איין קאָל פֿון מײַנע ברידער,
אַרויסגיין צו זיי קאָן איך ניט. :|

4. וועראָזשע סטרויעט די שיינע מאָווערן,
די שיינע מויערן סטרויעט דער אַרבעט־מאַן,
‎:| אוי, טוט אַ פֿרעג, אַ פֿרעג ווער ווינט דאָרטן?
דאָרטן ווינט דאָך דער רײַכער מאַן. :|

5. דער אָרעמאַן, וואָס ער ווינט אין קעלער,
נאַס און סירעסט קאַפּעט פֿון זײַנע ווענט,

|: דערום באקומט ער רעוומאטיזמע פעלער,
אפ זײַנע פיס און אפ זײַנע הענט. :|

6. ווער־זשע פלאנצט דאָס די שיינע ווײַנגערטנער,
די שיינע ווײַנגערטנער פלאנצט דער ארבעט־מאנ.
|: אוי, ווער עסט אופ די גוטע פרוכטנ,
די גוטע פרוכטנ עסט דער רײַכער מאנ. :|

יודיק יויסעפ אומאנ. די סטראָפעס 4, 5, 6 שטאַמען
פונ אנ ארבעטער־וויגליד (זע לעהמאנ א. א. פ., ז. 104,
נ. 55). די דאָזיקע טטראָפעס ווערנ אמאָל געזונגענ אויך
ווי א באזונדער ליד. זע לעמאָשל ווײַטער אינדזער נ. 61.
דאָס געבראכטע ליד ציט אזויארום צונויפ צוויי לידער
אינאיינעם.

## 52

(קופערשמיד ש.)

1. ווער טוט סטרויענ מאָווערנ, פאלאצנ,
און ווער טוט סטרויענ? — דער ארבעט־מאנ.
אוי, טוט א קוק, ווער ס'וווינט אינ זיי, —
סע גאָר נישט ער, נאָר דער רײַכער מאנ.

2. דער ארבעט־מאנ וווינט אינ א קעלער אינ א נאסנ,
אוי, וואָס די וואסער רינט, אוי, פונ די ווענט,
דערפונ באקומט ער איינ פעלער איינ גרויסנ,
אוי, אינ די פיס און אינ די הענט.

3. איך האָב אָפגעלערנט איינ בלאט געמאָרע,
איך בינ, גאָט צו דאנקענ, פונ מײַנ כיידער ארויס,
איך האָב פארפירט א נײַע ראָליע,
אוי, שוועסטער און ברידער, איר האלט פאר איינס.

4. אוי, הערט שוינ אופ מיט די קייטנ צו קלינגענ,
און לאָז שוינ זײַנ א ביסל שטיל,
אוי, לאָזט־זשע מיר מײַנ ליד אויסזינגענ,
אוי, וועט איר וויסנ, ווער איך בינ.

5. צי האָב איך דען א מענטשן געשטאָכן,
צי האָב איך דען עמעצן פון דער וועלט געבראַכט,
צי האָב איך דען איין שלאָס געבראָכן,
פאַרוואָס קומט מיר אין אָסטראָג פאַרשפּאַרט?

6. דו, מײַן קינד, אז דו וועסט עלטער ווערן,
זאָלסטו זײַן מיט מענטשן גלײַך,
דענצמאָלט וועל איך מײַן ליד אויסזינגען,
וועל איך זײַן מיט אלע גלײַך.

7. ליבע ברידער, אז איך וועל שטאַרבן,
צו מײַן לעווײַע זאָלט איר גיין,
די רויטע פאָן מיט אירע פאַרבן,
בא מיר צוקאָפּנס זאָל זי שטיין.

יאָשפּע זאָרעכ, 17 יאָר, קירזשנער, בעלאָצערקווע, גרוזיע. וואר. צו סטראָפעס 5,4 זע בא לעהמאַנען א. א. פּ. ז. 80, 82, נ. נ. 41, 41א, 241. זיבעטע סטראָפע איז א וואר. פון דער 1־טער סטראָפע פון ערלשטאַטס ליד „מײַן צוואָע" (זע ערלשטאַט „לידער פון נויט און קאַמף", מאָסקווע, 1930, ז. 161).

## 53

(ר ײַ כ ש ט י י ן כ.)

1. אן אנאַרכיסט בין איך געוועזן,
מײַן געטרײַער ברודער,
קיין געלט האָב איך ניט ליב געהאַט.
דער טויט איז געוועזן ליבער.

2. אן אנאַרכיסט בין איך געוועזן,
א בראַווער קאַוואַליער.
אין גרעסטן פײַער בא מיר צו גיין
איז אויך נישט געווען צו שווער.

3. נאָר איינער פון דער שײַקע
איז ארויס מיט א קאַראַש,

און ביזן צווייטן מיטוואָך
זאָל ווערן פון ברילליע אש.

4. ברילליע שטייט אין פענצטער
און ברעכט מיט די הענט,
„נעמט זיך אראָפּ א מוסער,
ווי דער מאָוועך ברענט".

## 54

(פ י ק י.)

1. א שטיין קלאפּט א ציגל
א ציגל קלאפּט א שטיין,
און ווײַנשטיין דער ערשטער
געפאלן אפ פאָדייל.

שיסט־זשע, ברידער,
מאכט ניט קיין גערודער,
לאָמיר זיך צונויפנעמען,
שוועסטער אין ברידער.

2. די פענצטער מיט די טירן
האָבן אָנגעהויבן צו קלינגען,
אלע כוליגאנעס
דאָ יאָגן און זינגען.
שיסט־זשע, ברידער, א. א. וו.

3. מיט די רויטע פאָנען. —
ניין, כאוויירים, ניין,
מיר טאָרן ניט שווײַגן,
מיר מוזן גיין.
שיסט־זשע, ברידער, א. א. וו.

4. עס האָבן זיך גענומען
מאליאָוואנער [. . . .]
מירן זיי * . . . . . . . .
. . . . . . . . . . .
שיסט־זשע, ברידער, א. א. וו.

---

* פעלט.

5. א שטיין קלאפּט א ציגל,
א ציגל קלאפּט א שטיין
און ווײַנשטיין דער ערשטער
געפאלן אף פּאָדייל.
שיסט־זשע, ברידער, א. א. וו.

דאָס ליד דערציילט וועגן דעם ערשטן ייִדישן פּאָגראָם אין זשיטאָמיר דעם 24־טן אפּרעל, 1905 יאָר. צווישן די ערשטע קאָרבאָנעס פון דעם דאָזיקן פּאָגראָם איז געווען דער סטודענט חײַנשטיין, אַן אקטיווער אָנטייל־נעמער אין דער זעלבסטשוץ. א צווייט ליד וועגן דעם זעלבן פּאָגראָם (לויט אונדזער אײַנדרוק, א מער פאר־שפּרייטס) זע אין צמשר. II-III, ז. 130, נ. 20. פּאָדייל — קווארטאלן אין זשיטאָמיר, וווּ ס׳זוינען די ייִדישע אָרעמקײַט. מאליאָוואנקע — א פאָרשטאָט אין זשיטאָמיר.

## 55

(בערעגאָווסקי, מ.)

1. אין דעם ווײַטן לאַנד סיביר,
ווו דער הימל ז׳טאָמעד פון די כמארעס שווארץ,
דאָרט אליין בין איך געווען פארשיקט,
פארן איינעם וואָרט, פאר דער פרײַ.
מיט דער נאגײַקע האָט מען מיך געשלאָגן,
אז איך זאָל מער ניט זאָגן:
„דא זדראווסטוויעט סוואָבאָדא, אין דר׳ערד מיט ניקאָלײַ!“

2. אוי, אין דעם ווײַטן לאַנד סיביר,
ווו סע קומט קיינמאָל די זון ניט צו,
דאָרט אליין בין איך לאַנג געווען,
אלץ פאר דעם וואָרט פאר דער פרײַ.
זומער אין די היצן און ווינטער אין די קעלטן
די טאטשקע פלעג איך שלעפּן,
אלץ פאר דעם וואָרט!

3. יעצט איז שוין געקומען די גליקלעכע צײַט
איצטער ווייסט מען סײַ פון נאָענט און פון ווײַט,

אז רוסלאנד איז ליכטיק, און רוסלאנד איז פריי:
— „דא זדראווסטוויעט סוואָבאָדא, און דר'ערד ניקאָליי".

טאָלטשינסקי מאַניע, 21 יאָר, פּרעס.

**56**

(קופּערשמיד ש.)

וואַריאַנט

1. אין דעם ווייטן קאַלטן סיביר,
ווו דער הימל כמאַרע־שוואַרץ,
דאָרט האָב איך געלייטן אָן א שיר,
אַף שטיקלעך צעבראָכן מײַן האַרץ.

2. אין דער גרעסטער קעלט
נאַקעט אַף דעם פעלד,
האָט מען אונדז געטריבן אָט אָ דאָרט,
געפּייניקט אונדז, געשלאָגן,
אַז מיר זאָלן מיין ניט זאָגן —
„דא זדראווסטוויעט סוואָבאָדע, אינטערנאַציאָנאַל!"

3. נאָר יעצט איז שוין געקומען די גליקלעכע צײַט,
אַז מיר הערן פון נאָוונט און פון ווײַט,
אַז רוסלאַנד איז ליכטיק,
און רוסלאַנד איז פריי.
„דא זדראווסטוויעט סוואָבאָדע,
אַרונטער ניקאָליי!"

4. אין דעם ווייטן קאַלטן לאַנד סיביר
דאָרט האָב איך געטראָפן פיל גרויסע לײַט,
זיי זײַנען פון פאַניעס קאָרבאָנעס —
די אומשולדיקע אָפּפערס פון דער שלעכטער צײַט.

5. פיל גרויסע פילאָסאָפן
האָב איך דאָרט אליין געטראָפן
אין דעם אומגליקלעכן לאַנד,
פיל יונגע פרוי און מענער,

ווי רוסלאַנדס בעסטע קענער
לאָזט מען זיי ניט פרייהייט (!)
פאַר דעם איינעם וואָרט
„דא זדראַווסטוויעט סלאָבאָדע,
ארונטער ניקאָליי״!

6. נאָר יעצט איז שוין געקומען די גליקליכע צייט,
אז מיר הערן אלע פון נאָוונט און פון וויַיט,
אז אין רוסלאַנד איז ליכטיק,
אז אין רוסלאַנד איז פריי.
דא זדראַווסטוויעט סלאָבאָדע,
ארונטער ניקאָליי!

פּאָראָלסקי ראָזע, 29 יאָר, א געוועזענע נייטערן. פלעג זינגען דאָס ליד אין די ניי=וואַרשטאַטן צוריק מיט א יאָר 15. דאָס ליד געהער, אפּאָנעם, צו די רעוואָלוציאָנערע פאָלקלאָר-לידער פון 1905 יאָר, אפ דעם וויַיזט די סטראָפע, „נאָר יעצט איז שוין געקומען די גליקלעכע צייַט״.

## IV. רעוואָליוציאָנערע הימנען און געזאַנגען

### 57

(בערעגאָווסקי מ׳)

1. א שיינעם ווייַנגאָרטן האָבן מיר פארפלאנצט,
שיינע בלומען רויט, ראָז און ווייַס,
נאָרווילדע כּייַעס האָבן עס צעטראָטן,
עמעס און ליבע האָבן זיי פארביטן
אף קינע, סינע און שקלאפערייַ.

2. לאָמיר לייגן אפן הארצן די רעכטע האנט
און באשווערן זיך מיט סאָוועסט איצט,
אז פון טויט ביז לעבן ווי אן אייַזערנע וואנט,
וועט דער שווערד פון עמעס בליצט.

3. ווען איינער פון אונדז איז צו שוואך, געוויס,
דען צו גיפטיק איז דער קאפיטאל,
ווי פון דער שלאנג דער ביס,
נאָר ווען מיט עמעס און ליבע געבונדן,
אונדזער בונד, ווי א מויער פעסט שטייט,
פארגייט די זון אין אונדזער הארצן אָנגעצונדן,
ווען די זון פון פרייַהייַט אופגייט.

4. די נעקאָמע פאָדערט אונדזער בלוט,
פון אונדזער געזונט וואקסט שטענדיק זייער גוטס.
גוטס און רייַכ צינען זיי פון אונדזערע ביינער,
דאָך טרעט מען אונדז אזוי ווי די שטיינער.

5. דערום, ברידער און שוועסטער, לאָמיר זיך געבן די הענט,
און באשווערן זיך בא דער פאָנע, ווו דער פלאקער ברענט.

מיר זײַנען דער פּראָלעטאַריאַט, דאָס הייסט ראַבאָטשי נאַראָד,
די אײַזערנע קייטן מוזן מיר צערײַסן,
דעם יאָך דעם שווערן אַרונטערשמײַסן,
שרײַט „נאַראָד וופּעריאָד, וופּעריאָד, וופּעריאָד!“

6. ברידער, לאָמיר זיך ערוואַכן,
פון טיראַנערײַ אַן ענדע מאַכן,
מיר מוזן צערײַסן די טיראַנערײַ,
און מאַכן רוסלאַנד פרײַ.

לעווין. אַן אַלטער בערשטער, אָדעס. דער זינגער האָט געהערט דאָס ליד אין דער ערשטער העלפט 90־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט. דאָס איז דער טעקסט פון דער אַזויגערופענער „אַלטער שוועה“, וואָס איז געזונגען געוואָרן פון יידישע אַרבעטער נאָך פאַר דער גרינדונג פון קליינבירגערלעכן „בונד“. אַ וואַריאַנט דערפון געדרוקט בא ליטוואַקן אין „וואָס געווען“, ז. 236.

## 58

(בערעגאָווסקי מ.

1. דאָס ערשטע וועלן מיר נעמען נאָך רעגירן
די עקספּלואַטאַטערס, וואָס זיי זויגן אונדזער בלוט, —
און אונדזערע זאַבאַסטאָוקעס אויספירן
באַפרײַען אונדזערע מינוט; אוי, אוי, אוי,
באַפרײַען אונדזערע מינוט.

2. צו באַפרײַען אָרעמע מענטשן,
וועלכע לײַדן פון הונגער און נויט.
די ערד פון דער פרײַהײַט זאָל זיי בענטשן,
סע זאָל אַפּ זיי שוין ניט זײַן קיין נויט, אוי, אוי, אוי,
סע זאָל אַפּ זיי ניט זײַן מער קיין נויט.

3. נעמט אַרויס די פאָנען פון די שטיבער,
וועלכע שטייען נאָך אין פינצטערן געצעלט.
נעמט זיך צונויפּ, אַלע שוועסטער און ברידער,
באַפרײַען אונדזערע וועלט, אוי, אוי, אוי,
באַפרײַען די אָרעמע וועלט.

פעפּיס ראָכל, אָדעס.

## 59

(טשערניאק י.)

וואריאנט

1. טראָגט ארויס די הייליקע פאָנע,
פון ביטערן און פינצטערן געצעלט,
יעצט מוזן מיר נעמען נעקאָמע
צו באפרײַען די גאנצענע וועלט.

2. צו באפרײַען די אָרעמע מענטשן,
וואָס לײַדן דאכקעס און נויט,
די שטראלן פון דער ווארהײַט זאָלן זיי בענטשן
פאר די האָפער,* וואָס ווערן געטויט.

3. אפ צו נעמען די הויכע געבײַען,
וואָס מיר האָבן געבויט מיט אונדזער טרוד,
די גאנצענע וועלט צו באפרײַען
דעם ארבעטער זאָל ווערן גוט.

באראָדולין נ., פאטשעפ. וואריאנטן צו נ.נ. 58—59 בא לעהמאנען א.א.ס., ז. 43, נ. 18. פערטער פערז פון 2־טער סטראָפע אין נ. 59 אפּאָנעם פארגרײַזט. אין לעהמאנס וואריאנט לייענט זיך דער דאָזיקער פערז אזוי— „פאר דעם אָפפער, וואָס זיי האָבן געשטעלט".

## 60

(בערעגאָווסקי מ.)

1. גייט, ברידער, גייט,
אײַך פאָדערן ברייט,**
בא קייסאָרים און בא קניאזן און בא גראפּן.
|: פאָדערט מענטשלעכע רעכט,
מע זאָל אײַך ניט באהאנדלען אזוי שלעכט,
פאָדערט אלעס דאָס, וואָס מיר האָבן באשאפן.:|

---

*—אָפפער — קאָרבאָנעס.

**—ברויט.

שטייט אויף, ברידער, מיר וועקן אײַך!
און פֿאָרווערטס צום קאַמף און ניט שרעקט אײַך!
און צום לעבן,
און צום שטערבן
און צו קעמפֿן מיט דעם שטרײַק*
גייט און ווערט באַפֿרײַט,
פֿון דער נײַער צײַט.

2. דער ראָוו מיטן פּאָפּ
זיי פֿאַרדרייען אונדז די קאָפּ,
מיט זייערע אָוויירעס, מיט זייערע רעליגיאָנען.
|: אָט די מיצוועס מיט די זינד
מאַכן דעם אַרבעטער בלינד,
ער זאָל ניט זען, וויאַזוי מע טוט אים באַרויבן. :|
שטייט אויף א.א.וו.

3. דער סיציליסט
איז נישט קיין ייִד און נישט קיין קריסט,
נאָר אַ מענטש מיט אַ ריינעם געוויסן.
|: אונטער זײַן רויטער פֿאָן
איז ניטאָ קיין רעליגיאָן
נאָר צוויי קלאַסן גרויסע** און רײַכע. :|
שטייט אויף א.א.וו.

שפּינער זעלדע, 48 יאָר, אַ נייטערן, אָדעס. דאָס ליד געהערט זינגען אין דווינסק אין 1906 יאָר. וואַר, לעהמאַן
א.א.פּ. ז., 46, נ. 21, 21א.

## 61

(טשערניאַק י.)

1. פֿעלדער, סעדער און ווײַנגערטנער
אַרבעט אויס דער אַרבעטמאַן —
גיט אַ קוק, אוי־וויי, ווער עסט די פֿרוכטן פֿון זיי,
נאָר דער קאַפּיטאַליסט, ניט דער אַרבעטמאַן.

* — אינעם שטרײַק?
** — דער טעקסט איז דאָ קלאָר פֿאַרקריפּלט. אפֿשר געווען „אָרעמע און רײַכע".

2. דאָמענ, מויערנ און פּאַלאַצנ
אַרבעט אויס דער אַרבעטמאַנ —
גיט א קוק, אוי־ווײ, ווער עס וווינט אינ זײ,
נאָר דער קאַפּיטאַליסט, ניט דער אַרבעטמאַנ.

3. פּליוש, סאַמעט, אַטלעס און זײַדנס
אַרבעט אויס דער אַרבעטמאַנ
גיט א קוק, אוי־ווײ, ווער עס גײט אינ זײ,
נאָר דער קאַפּיטאַליסט ניט דער אַרבעטמאַנ!

4. דער אַרבעטמאַנ וווינט אינ א קעלער,
סירעסט רינט בא אים פונ די ווענט,
דערפונ באַקומט ער רעוומאַטיזם־פּעלער
אינ די פיס און אינ די הענט.

סימכאָוויטש, 60 יאָר, א געוועזענער וואַלד־סויכער. פּאָט־שעפ. וואר. לעהמאַנ א.א.פ. ז. 104, נ. 55, 55א.
דער גרונט־מאָטיוו פונעמ דאָזיקנ ליד — דאָס גענויע אויסרעכענענ די רײַכטימער, וואָס עס שאַפט דער אַרבעטמאַנ און דאָס דערמאָנענ אומעטומ וועגנ דעמ, אַז נוצנ די דאָזיקע רײַכטימער נוצט ניט דער אַרבעטמאַנ, נאָר דער עקספּלואַטאַטער — איז געווענ פאַרשפּרייט אינ דער עלטערער רעוואָליוציאָנערער און סאָציאַליסטישער ליריק דער ערשטער האָט דעמ דאָזיקנ מאָטיוו, ווי אונדז איז באַקאַנט, אַרײַנגעבראַכט אינ דער ליטעראַטור דער ענגלישער דיכטער שעלי אינ זײַנ באַוווּסטנ „ליד צו די בריטאַנער“ (1819). אַסאַך שפּעטער, אינ יאָר 1863 קריגנ מיר דעמ דאָזיקנ מאָטיוו ברייטער און קלאַסנ־געצילטער פאַנאַנדערגעאַרבעט אינעמ אַרבעטער־הימנ, וואָס הערוועג האָט אָנגעשריבנ (אַגעוו, לויטנ מוסטער פונ אויבנ דערמאָנטנ שעליס ליד) פאַרנ אַלגעמיינעמ פאַרבאַנד פונ דײַטשישע אַרבעטער. די ייִדישע איבערזעצונג פונעמ דאָזיקנ הימנ („און דו אַקערסט און דו זייסט“) איז זייער פּאָפּולער געווענ צווישנ דער ייִדישער רעוו. אַרבעטערשאַפט, און, מעגלעכ, אַז טאַקע אונטער דער ווירקונג פונעמ דאָזיקנ ליד זײַנעז ענלעכע מאָטיווו אופגעקומענ אינעמ ייִדישנ רעוו. פאָלקלאָר־ליד.

## 62

(בערעגאָווסקי מ.)

1. וואָס ווילן די הערשער, וואָס ווילן די לאַמפּירן *
זיי צאַפּן פון דעם ארבעטער דאָס לעצט ביסל בלוט.
: און דאַן וועט איר וויסן, וואָס סע הייסט עקספּלאָטירן,
איין בעסערן לעבן צו זוכן זיך פאַר אײַך. :

2. דער ארבעטער־קאַמף גייט ווײַטער און ווײַטער,
שטעלט זיך אין קאַמף פאַרן ארבעטער־קלאַס.
: און דאַן וועט איר וויסן, וואָס סע הייסט עקספּלאָטירן,
א בעסערן לעבן צו זוכן זיך פאַר אײַך. :

לאַנגער אוּוראָם, אומאַנ. די צווייטע פאַר פערזן איז ביידע סטראָפעס זײַנען אפּגעעם פאַרגרײַזט, ווײַל אין דער פאָרם, ווי זיי קומען דאָ, זײַנען זיי אומפאַר־שטענדלעך.

## 63

(אמ. מארגאָלין)

1. פאַר דעם קייסער ניקאָלײַ
איז געגרייט א באָמבע בלײַ.
און פאַר פלעווען דעם בייזן קנעכט,
איז א באָמבע אויך ניט שלעכט.

ווילנע, 1921.

## 64

(קופערשמיד ש.)

1. ברידער און שוועסטער
נעמט זיך פאַר די הענט
לאָמיר לויפן קוקן,
ווי מיקאָלקע ברענט.
עי, עי, דאָלוי פּאָליציי!
דאָלוי סאַמאָדערזשאַוויע ווסיעי ראָסיעי!

---

*—וואַמפּירן.

2. מיר דארפנ ניט קיינ קייסער,
מיר דארפנ ניט קיינ קרוינ,
מיר וועלנ פירנ
די מעלוכע אליינ.
עי, עי, א. א. וו.

3. מיר דארפנ ניט קיינ קייסער,
מיר דארפנ ניט קיינ גאָט.
מיר וועלנ באפרייענ
ראבאָטשי נאראָד.
עי, עי, א. א. וו.

4. ווי לאנג האָט לייבעלע *
ארומגעטריבנ כאזיירים,
אונ הײַנט טוט ער פירנ
זײַנע ליבע כאווײרים.
עי, עי, א. א. וו.

5. ווי לאנג האָט לייבעלע
ניט געהאט קיינ גראָשנ,
הײַנט טוט ער גייענ
שיכ אונ קאלאָשנ.
עי, עי, א. א. וו.

6. ווי לאנג האָט לייבעלע
ניט געהאט קיינ העמד,
הײַנט טוט ער גייענ
ווי דער שענסטער אינטעליגענט.
עי, עי, א. א. וו.

7. די רוסישע מעלוכע
פונ קייסער ביז גאָראָדאָווי —
איז פול מיט רעציכע
אונ מיט ראזבוי.
עי, עי, א. א. וו.

קאָרנפעלד וועליע, 26 יאָר, א בייטערנ, בעלאָצערקווע, גרוזיע.

---

* א פאסטאָווער גאָראָדאָווי, א מעשומעד.

## 65

(סקודיצקי)

וואריאנט

1. ברידער און שוועסטער,
לאָמיר זיך נעמען פאַר די הענט,
לאָמיר אין די טורמעס
צעברעכן די ווענט.

עי, עי, דאָלוי פּאָליציי,
דאָלוי סאַמאָדערזשאַוויע ראָסיעי!

2. ברידער און שוועסטער,
לאָמיר זיך נעמען פאַרן דראָט,
מיר דאַרפן ניט קיין קייסער,
מיר דאַרפן ניט קיין גאָט.

עי, עי, א. א. וו.

64. לעוויקאָוו ז., א שוסטער, קיִעוו. וואריאנטן צו נ.נ. 65 — לעהמאַן א.א.פּ., ז. 22, 27, נ.נ. 11, 11א, 11ב, 11ג, 11ד.

## 66

(טשערניאַק י.)

1. נאַש צאַר פריהאָזש,
נא סוויניו פּאָכאָזש!
הײַדא צאַר, הײַדא צאַר,
פּראוואָסלאַווני סאָבאַקאַר!

2. נאַש סאַמאָדערזשאַוועץ —
אָן באָלשוי מערזאַוועץ!
הײַדא צאַר א. א. וו.

3. וו ראָסיי יעסט זאַקאָנע —
פּושקי די פּאַטראָני.
הײַדא צאַר א. א. וו.

פריידינע מ. א נייטערן, 50 יאָר, כאָטימסק.

## 67

(טשערניאק י.)

1. שטייט אוף, איר אונטערגעדריקטע,
ערוואכט זיך פון אייער שלאָף.
די צייט איז שוין געקומען
צו מאכן פון די צאָרעס א סאָף.

2. די צייט איז שוין געקומען
בא יעצטיקער מינוט,
צו שטרייטן מיט די טיראנען,
וואָס זויגן אונדזערע בלוט.

3. צו שטרייטן מיט די טיראנען
און ניט פארגעסן אויך דערביי,
צו זינגען פרייהייט־לידער,
דער ארבעטער זאָל ווערן פריי.

באַראָדולין נעכאמע, פּאָטשעפּ. געהערט דאָס ליד אין 1905 יאָר.

## 68

(טשערניאק י.)

1. איין קויל האָט דיך געטראָפן, מיין געטרייער,
איין קויל פון דעם סוינע דעם הונט —
איך נעם דיך ארויס גלייך פון פייער
צום היילן און צום לעשן דיין וווּנד.

2. צו קעמפן פאר פרייהייט ביסטו געלאָפן,
ווי א העלד ביסטו געפאלן אינמיטן גאס,
די ערשטע קויל האָט דיך געטראָפן,
און באלד ביסטו געבליבן טויט און בלאס.

3. דיין קערפּער איז פארדאָרבן, מיין געטרייער,
דיין גייסט שוועבט פויל אפ דער וועלט,
אין גאָלדענעם בוך וועסטו זיין פארשריבן,
דיין קערפּער פאר פרייהייט אפ דער וועלט.

4. דײַנע קערפּער װעט ליגן, װוּ די טױטע,
דײַן גײַסט װעט זײַן פֿול די װעלט,
מירן דיך אײַנװיקלען אין דער פֿאָנע די רױטע —
געפֿאַלן פֿאַר פֿרײַהײַט װי א העלד.

5. די טױט איז בא אונדז ניט קײן שאנדע,
דער רעװאָלװער אן איגרושקע אין די הענט.
מיר װעלן גײן און מיר װעלן צערײַסן
פֿון די טורמעס די אײַזערנע װענט.

עסקינע בראָכע, א זאָקנמאַכערן, באָסלעװ. געהערט דאָס
ליד אין 1906 יאָר אין שומיאַטש פֿון יונגע ארבעטער
אפֿ א כאַסענע. דאָס אױבן געבראַכטע ליד איז אן אי־
בערארבעטונג פֿון מ. סאָרעריװעסעס באװוּסט ליד „יאָ,
ליבער, מיר האָבן געשלאָסן״ (זע „ארבעטער־לידער״,
ערשטע העפֿט, פֿאַרלאַג „די װעלט״, ז. 16.), אָבער
זײער א גרונטלעכע איבערארבעטונג. דירעקט פֿון סאָ־
רעריװעסעס ליד זײַנען דאָ װאַריִרט געװאָרן בלױז
2 סטראָפֿעס — די ערשטע און די פֿערטע.

## 69

(סקודיצקי ז.)

1. ברידער, אױב גאָט װיל אונדז ניט העלפֿן,
לאָמיר זיך באפֿרײַען אלײן,
און לאָמיר זיך צערײַסן פֿון די קײטן
און לאָמיר אלײן צוזאמען גײן.
. . . . . . . . . . . . . . .

סטעפּאַנסקאַיא, א פּאַפּיראָסניצע, קיעװ. א פֿראגמענט
פֿון א גרעסערן ליד. די זינגערן האָט פֿארגעדענקט
בלױז די דאָזיקע סטראָפֿע.

## 70

(קופּערשמיד ש.)

1. װאָס טױג אונדז, ברידער, צו פֿאַרלירן,
און װאָס טױג אונדז א לעבן אין נױט,
װאָס טױג אונדז װינטער אויספֿרירן
און זומער אויסגײן פֿאַר ברױט.

2. צי האָבן מיר מוירע פאר א סאָטן,
פאר א ביקס, פאר א קויל, פאר א שווערד?
צי גייען מיר ניט פאר קיין טויזנטער סאָלדאטן,
צי ליגן מיר ניט יונגערהייט אין דר'ערד?

3. סטאוויי פאָדימייסיי, ראבאָטשי נאראָד,
סטאוויי, נא ווראגא מי פוידיאָם.
נאם ניע נוזשנאָ צארסקי סאָבאקי,
נאם ניע נוזשנאָ צארסקי דוואָרעצ,
נאם ניע נוזשנאָ וויסקאָ נאראָדו —
מארש וופעריאָד, ראבאָטשי נאראָד!

גערשקאָווסקי איציק, 15 יאָר, בעלאָצערקווע. געהערט דאָס ליד פון זיין פאָטער א שוסטער. דאָס ליד שטעלט מיט זיך פאָר א וואריאציע פון ווינטשעווסקיס „די מארסעליעזע" (לידער און געדיכטע פון מאָריס ווינטשעווסקי, ניו־יאָרק, 1910, ז. 129). די רוסישע סטראָפע שטאמט פון א רוסישן טעקסט פון דער „מארסעליעזע", דעם 2־טן פערז פון דער 2־טער סטראָפע האָט דער זינגער פארגרייזט געזונגען „פאר א ביקס, פאר א שווערד, פאר א קויל".

## 1

(סקודיצקי ז.)

1. שוואַר צו זיצן אײַנגעבויגן,
ארויסצונעמען זיך די אויגן,
שווער, כ'לעבן, שווער,
איך שווער אײַך בא דער שער.

2. אָט די מײַלע איז די גרויסע
בא אונדז אין שנײַדערײַ:
קוים נעמסטו א גוטע קויסע —
ווערסטו ווידער כײַ.

שינדערמאַן ש., באזאר, קיעווער קרײַז.

## 2

(ד?אמאנט מ.)

1. אלע לײַטישע מענטשן זאָלן זיך באקלערן,
האָבן זיי געדארפט שנײַדער ווערן.
א שנײַדער איז א שיינע מעלאָכע,
און קומט ארויס פון א שיינער מישפּאָכע.

2. א שנײַדער, א שנײַדער, איז גוט צו זײַן —
ער פארדינט א קערבל זייער פײַן.
א פינגערהוט מיט דער נאָדל,
פארדינט ער א קערבל בעקאָוועד־גאָדל.

3. מע קלינגט מיר אָן אין דער טיר,
גייט א זאקאשטשיק אנקעגן מיר.
און די שטיוועלעך אויסגעפוצט
און ער פרעגט, ווו א שנײַדער זיצט.

4. כאָטיא מײַן פינגערהוט און נאָדל איז גראָב,
פונדעסטוועגן טויג עס פארנ ראָוו.
און איכ האָב פאר קײנעם ניט קײנ מוירע,
ווײַל ס׳איז בא מיר ניט קײנ פוילע סכוירע.

סאפאָזשניקאָווע, שנײַדערנ, קיעוו. זע ג. מ, ז. 278, נ. 321. דער צוזאמענהאנג פונ דער 4־טער סטראָפע מיטנ גאנצנ ליד איז נישט אינגאנצנ קלאָר. מעגלעכ, אז זי איז א פראגמענט (אָדער צווײ פראגמענטנ) פונ אנ אנדער ליד.

## 3

(סקודיצקי ז.)

1. זיצט א שנײַדער
א פיס איבער א פיס *
זינגט א לידעלע
צוקער־זיס.

2. שטײ איכ מיר
בא דער טיר,
פאָרט צו מיר
א סקארבאָווע פיר. **

3. פרעג איכ איר,
וואו־זשע פאָרסטו?
זאָגט זי:
„טאקע צו דיר“.

4. פונ דעם פרעסל,
פונ דעם שערל,
מאכ איכ אָנ מײַנ ווײַב
א האלדז פערל
טרא־לא־לא־לא.

טעסלער, באָסלעוו, · צו דער ערשטער סטראָפע זע ג. מ., ז. 278, נ. 321.

---

* — פוס.
** — פור.

## 4

(קופערשמיד ש.)

1. איך בין מיר א שנײַדער,
פון אלעס א ניידער, *
איך ניי ארבעט אלערליי —
איינס און צוויי.

2. סאָרעלע מײַן ווײַב,
עפן מיר די טיר,
איך האָב געבראכט ארבעט,
ארבעט אָן א שיר.

3. אז סע קומט דער ווינטער,
איז פאר מיר געזינטער,
ווײַל די נאכט איז גרעסער,
ארבעטן איז בעסער.

פוקס בראָכע, בעלאָצערקווע. דאָס ליד געהערט אין
געמיראָוו.

## 5

(בערעגאָווסקי מ.)

1. איך בין איין שנײַדער און עס לעבט זיך מיר זייער גוט,
און עס לעבט זיך מיר זייער טאקע גוט.
איך נעם זיך דעם פינגערהוט מיט דער נאָדל
און איך לעב זיך בעקאָוועד גאָדל.

טאַ־ראַ־רא — ראַ־דע־טע־רע — ר ע — ראַ־דע — טע־רע־ראַ־בע !

2. איך גיי ארויס פאר דער טיר,
טרעפט זיך איין פאָרעצל פאר מיר.
ער זאָגט, אז ער וועט מיר געבן נייען און פרעסן,
וועל איך האָבן וואָס צו פרעסן.

טאַ־ראַ־רא א. א. וו.

---

* ניידער — עפשער א סובסטאנטיוו פון נייען — נייטער ?

3. איך נעמ דאָס שטיקל ארבעט צומ נייען,
הייבט זיך מיר אָן דער קאָפּ דרייניען (!)
איך דריינ (!) אהער און אהינ
און גאנווע אראָפּ איינ האלבע ארשינ.

טא־רא־רא א. א. וו.

4. איך הייב אָן דאָס שטיקל ארבעט אויסגלעטנ
און די וואטע איינבעטנ,
איך בעט ארייַנ די אַלטע שמאטע
און נעמ ארויס די נייַע וואטע.

טא־רא־רא א. א. וו.

פארשריבנ פונ א פוילישנ ארבעטער, קיעוו· ווארִיאנטנ —
באסטאָמסקי, ז. 117, נ. 25; קיפּניס, ז. 110.

## 6

(בערעגאָווסקי מ.)

וואריאנט

1. איך בינ א שנייַדער און ס'איז מיר גוט,
איך לעב מיר אָפּ די וועלט בארוט.
|: אבי איך האָב א פינגערהוט און נאָדל,
לעב איך מיר אָפּ בעקאָוועד גאָדל. :|

2. איך בינ א שנייַדער און ס'איז מיר גוט,
איך לעב מיר אָפּ די וועלט בארוט.
|: אבי איך האָב נאָר א שער און אייַזנ,
קאָנ איך מיר מייַנ ווייַב און קינדער שפּייַזנ. :|

3. האָב איך מיר א ווייַבעלע ווי א טאָק
און קינדער אָנאנהאָרע א פערטל שאָק!
|: וואָס־זשע ווילט איר נאָך פונ מיר מיינ?
פרייילעך און פרייילעך לאָמיר גיינ. :|

4. האָב איך מיר א ווייַבעלע האָט זי א גוט קעפּל,
האָט זי א גוט קעפּל, שיקט זי מיך ארויס פּרובירנ גליק.

:שיקט זי מיך ארויס מיט לעקעך און מיט עפל,
און צו־דערצו בין איך אויך געשיקט. :|

5. די עפל האָב איך מיטן וועג פארלוירן,
דער לעקעך איז פונעם רעגן געוואָרן צעווירן,
:דאָס איבעריקע האָב איך אופגעגעסן גאָר אליין
פריילעך און פריילעך לאָמיר גיין. :|

6. עך, עס יוישער בעמיינעם וועכעלקעם *
כאָטש מע רופט מיך „דו אָרעמער שמעלקע״,
:נאָר וויפל איך האָב איז פאר מיר גענוג
: . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

איינגעזינגען מאניע, א שול־קינד, א שניידערס א טאָכטער,
געהערט דאָס ליד פון איר מאמען.

## 7

(בערעגאָווסקי מ.)

1. דער שניידער זיצט בא זיין געניי,
פון איין פאָר הויזן מאכט ער צוויי.
און אין שטוב איז בא אים פאראן פון אלעסדינג
און אין קעשענע גיט דאָך אויך א קלינג, —
ער זינגט בא יעדן שטאָך, כר, שטאָך, פיו, שטאָך, א שטאָך,
ער זינגט בא יעדן שטאָך.
די ארבעט, די ארבעט גיט ער אָפּ,
יארל, דירל, דירל, דירל, דירל, דאַם,
און ניט ער פאלט בא זיך אראָפּ, כר, ראָפּ, פיו, ראָפּ, אראָפּ,
און ניט ער פאלט בא זיך אראָפּ.

2. סימכאסטוירע איז דאָך אויך,
דאן נעמט ער א קאפּ איבערן קויך **
און א גאבע איז ער אויך אין שיל, ***

* — פארגרייזט, ווארשיינלעך האָט געזאָלט זיין: „איזה עשיר השמח בחלקו״.
** — קויעך.
*** — שול.

ער נעמט א קאפּ אינדערשטיל,
און ווי ער קומט א״ שול ארײַנ, כר, רײַנ, פּיו, רײַנ ארײַנ,
און ווי ער קומט אינ שול ארײַנ:
„אנ האקאָפּע זאָל מיר זײַנ,
יארל, דירל, דירל, דירל, דירל, דירל, דאם,
אניט איז א רועכ אינ טאטנ ארײַנ, כר, רײַנ, פּיו, רײַנ, ארײַנ.
אניט איז א רועכ אינ טאטנ ארײַנ".

כאסינ מ., אָרשע.

## 8

(בערעגאָווסקי מ.)

1. אוי, גאָט אז ער צאָלט, צאָלט ער איינעם,
אוי, און גאָט אז ער צאָלט, צאָלט ער, ער ווייסט שוינ ווּעמענ,
|: גאָט אז ער צאָלט, צאָלט ער מיט א צאָל —
פונעם זאגאטאָווטשיק צו ריידנ איז שוינ דאָס לעצטע מאָל. :|

2. ווי דאָס ייִנגעלע דער זאגאטאָווטשיק איז אינדערפרי צו דער ארבעט געגאנגענ,
אוי, אזוי האָט אים גאָט פארשטעלט זײַנ שײַנ,
|: אזוי האָט אים גאָט פארשטעלט זײַנ שײַנ,
און ער האָט זיכ געטראָפנ מיטנ מעסער אינ הארצנ ארײַנ. :|

3. אוי, אזוי ווי ער האָט נאָר דערזענ אפ זיכ דאָס בלוט,
האָט ער געגעבנ א געשריי: — גוטע ברידערלעכ, ס'איז מיר עפּעס ניט גוט,
|: אוי נעמט־זשע, גוטע ברידער, מיכ מיטאמאָל
אוי, פירט זשע מיכ אוועק אינ דעם ייִדישנ שפּיטאָל. :|

4. אוי אזוי ווי מע האָט דאָס זאגאטאָווטשיק־ייִנגעלע אינ שפּיטאָל ארײַנגעבראכט,
אוי, אזוי האָט אים דאָקטער זילבערשטיינ באלד באטראכט.
|: רופט זיכ אָנ דאָקטער זילבערשטיינ: „וואָס איז דאָס פאר א שטאָט אָדעס,
אוי, פירט אים שוינ אינ טויט־שטיבל, ער איז שוינ א מעס. :|

5. אזוי ז׳מען געלאָפּן דער מוטער די בסירע זאָגן.
זי איז מיט א דראָשקעלע צום טויט־שטיבל צוגעפאָרן,
זי האָט זיך געהייסן ווייזן פון איר זון א סימען,
אוי, אזוי האָט מען פון אים די שווארצע דעק אראָפּגענומען.

„דו מייַן זון, ביסט בא מיר געווען הייליק און טייַער,
און גאָט האָט דיך פארברענט אפ אזא מין העליש פייַער,
אצינד וועל איך האלטן אין איין וויינען און קלאָגן,
ביזוואנען מע וועט אונדז ביידע פונדאנען ארויסטראָגן״.

7. זאינדרויסן איז געווען א רעגן מיט א מאראקע,
און אפ מעשטשאנסקע גאס איז געווען א דראקע,
אוי, גייען פיל מענטשן, פרעגן: „וואָס איז דאָ געווען?״
זאָגט מען, אז די לעווייַע פון זאגאָטאָווטשטשיק איז געוועזן שוין.

פּערלשטיין ארעל, אָדעס. די גאנצע סיטואציע אינעם דאָזיקן ליד און באזונדערע פּערזון זייַנע דערמאָנען שטארק און זייַנען באשטימט באווירקט פונעם באַרכאַנישן „ליד פונעם געשטאָרבענעם זאגאָטאָווטשטשיק״ פארפאסט פון לייב לעווינזאָן (אָדעס, תרנ״ו).

9

(בערעגאָווסקי מ.)

1. וואָס זאָגט איר, מענטשן, וואָס פון מיר איז געוואָרן,
ווי אפ מיר איז א גרויסע נויט,
ס׳איז אפ מיר אויסגעגאָסן גאָטס צאָרן
און איך דארף לעבן פון אויסגעבעטן ברויט.

2. פארשאָלטן זאָל געווען ווערן די שאָ מיט דער מינוט,
וואָס איך בין צו מייַן ארבעט געלאָפן.
כ׳האָב זיך ניט גערעכט, אז אין איין אויגנבליק
זאָל מיט מיר דאָרט אזא מין אומגליק טרעפן.

3. געארבעט האָב איך אפן צווייטן גאָרן אפ א דאך
און האָב ניעטשאיענע זיך אויסגעגליטשט,
אין מייַן ארבעט בין איך געווען פארטראכט —
מיט א זייַט אפ א פאס אראָפּגעשמיצט.

4. פיל מענטשן זײַנען זיך צונויפגעלאָפן מיך ראטירן
זיי זאָלן אין מיר ראטירן מײַן לעבן,
ס'איז שוין אָבער געווען פארפאלן,
מיט קיין שום אייווער האָב איך ניט געקענט רירן.

5. צוויי דאָקטוירים האָט מען מיר געבראכט מיטאמאָל,
זיי זאָלן אין מיר ראטירן מײַן לעבן,
זיי האָבן מיך געהייסן נעמען אין שפּיטאָל
און דאָרט וועלן זיי מיר א מיטל געבן.

6. אזויווי מע האָט מיך אין שפּיטאָל אראָפּגעפירט,
באלד האָבן מיך דאָקטוירים באטראכט,
מיט קיין אייווער האָב איך ניט גערירט,
ביז וואנען מע האָט מיר די אָפּעראציע געמאכט.

ליבערמאן.

# לידער פונ דער רוסיש-יאפּאַנישער
# אונ דער אימפּעריאַליסטישער
# מילכאָמע*

* בא א באַדײַטנדיקנ טייל פונ די דאָזיקע לידער לאָזט זיכ ניט מיט באַשטימטקײַט פעסטשטעלנ, צו װעלכער פונ די צװײ דערמאָנטע מילכאָמעס זיי האָבנ א שײַכעס. בעליסאָפעק געפינענ זיכ דאָ אויכ לידער פונ נאָכ אנ עלטערער צײַט. באשטימטע געגעבענע אינ די לידער, װאָס װאָלטנ געקאָנט דינענ װי אָנהאַלט-פּונקטנ (װי לעמאָשל: „גערמאַנצעס", „אָקאָפּעס", „גאַליציע" א. א. װ.) זײַנענ ניט דורכויס פאַרלאָזלעכ, װײַל לויטנ שטייגער פונעם פאָלקלאָר-ליד קאָנענ די װערטער (אָדער גאַנצע סטראָפעס) זײַנ אויסגעביטענע, אָדער לויט אַקטועלע טאַטזאַכנ נײַ-ארײַנגעזעצטע.

## 1

(פון אנסקיס ארכיוו)

1. פון דער שטוב בין איך ארויסגעגאנגען,
אונ אינדרויסן איז איין יאָמער מיט איין קלאָג,
|: אין מײַנע אויערן האָט מיר געטאָן ווערטלעך קלינגען,
איין מאָביליזאציע האָט מען אָביאווועט הײַנט פארטאָג. :|

2. ס'איז אין מיר פארקילט געוואָרן מײַנע גלידער,
דער שווייס האָט מיר געטאָן רינען,
|: אדאָ רופט מען זיך צונויף מײַנע אלטע ברידער,
פאָניען גיין ווידער צו דינען. :|

3. אזויווי מיר זײַנען צום וואָינסקע געקומען,
האָט מען אונדז געהייסן שטיין בא דער טיר.
|: ווי איין יונגן סאָלדאט האָט מען מיך צוגענומען
אונ די פריסוטסטוויע איז געווען פונקט ווי פריער. :|

4. אוי! אָבער מײַנע גלידער זײַנען שוואך אונ קראנק,
אונ די יאָרן זײַנען אויך ניט דערבײַ,
|: צו ליגן אין קאזארמע אף דער הוילער באנק,
דינען מוז מען דאָך געטרײַ. :|

5. מע קומט מיך אין קאזארמע ארײַן רופן,
אונ איך טאָר זיך ניט אנטוואגן צו זאָגן „ניין",
|: מע גיט מיר איין ביקס אף צו שיסן
אונ איין פאפאכע מיט לאנגע האָר אף מײַן קאָפּ צו גיין. :|

6. אוי, אדאָס, זאָגט מען, וועט זײַן דײַן באהיטער,
אין דײַן הויז־געזינד דארפסטו פארגעסן.
|: פארוואָס איז מײַן מאזל יעצט אזוי ביטער —
טײַכן טרערן טו איך פארגיסן. :|

7. אדאָ טאָר איך נישט זיצן
אונ אדאָ טאָר איך נישט שטיין,
|: מײַן הארץ ווערט אין מיר צעריסן,
פארוואָס קומט מיר אף דער מילכאָמע צו גיין? :|

8. פון דער שטאָט, וואָס מע האָט אונדז געטריבן,
מיר טאָרן זיך נישט געפינען אין דעם לאַנד
|: דאָ ווערן מיר פאַרטריבן,
מיט אונדזער בלוט ווערט פאַרגאָסן די זאמד. :|

9. פרעג איך דיך, גאָטעניו, צי איז דאָס רעכט,
צי קען דאָס א מענטש איבערטראָגן?
|: ענטפער מיר, איך בעט דיך, אף דער זאַך,
פאַרוואָס קומט מיך פונדערהיים צו פאַריאָגן? :|

10. אוי, וויי, ברידער, וויינט און קלאָגט אף הײַנטיקער צײַט,
עפשער וועט זיך גאָט פאָרט אָנרופן,
|: מע שיקט אונדז אוועק אף מיזרעך־זײַט,
ווער ווייסט וועמען מיר וועלן דאָרט אָפזוכן. :|

11. אוי, וויי, מענטשן אַלע,
איר זאָלט עס גאָרניט האַלטן פאַר גרינג,
|: מע צעשיידט מאַן און ווײַב, און כאָסן־קאַלע,
פון וויפל מענטשן ווערט א טעל אַצינד. :|

12. יעסוימים מיט אַלמאָנעס בלײַבן טויזנט א טאָג
און קיינער וויל זיך פאַר זיי גאָרנישט זאָרגן.
|: זעט־זשע אײַך צו צוהערן צו דער שטראָף —
מע * לאָזט זיי נישט בעטן קיין נעדאָוועס מאָרגן. :|

13. דער פאָיעזד איז שוין צוגעקומען,
און די וואַגאָנעס זײַנען פינצטער ווי אין איין שטאַל.
|: מײַן האַרץ ווערט אין מיר צעריסן
פון די געשרייען פון די קינדער אף איין קאָל. :|

14. זיי שרײַען זיך, זיי רײַסן זיך: „בלײַבט איבער דאָ מיט אונדז!
ווער־זשע וועט אונדז העלפן אין אונדזער נויט,
|: קיין ערד קיין אייגענע איז אויך נישטאָ בא אונדז, —
פאַרוואָס צו קויפן א שטיקל ברויט!“ :|

15. קיין כאַרבין זײַנען מיר אָנגעקומען
און דער ראַש איז געווען זייער גרויס,

* — און?

|: אנ עלטסטער איז צו אונדז צוגעקומענ,
פונ די וואגאָנעס זײַנענ מיר אלע ארויס. :|

16. ער האָט אונדז איבערגעציילט, וויפל מיר זײַנענ דאָ
אונ ווי די מאכנע איז גרויס,
|: ער האָט אונדז אָנגעוויזנ די פּאָזיציע, וואָס איז דאָ,
אונ פּאטראָנעס טיילט מענ אונדז ארויס. :|

יאָסעפ באָכער, פּראָסקוראָװ.

## 2

װאריאַנט

(ר ײַ כ ש ט ײ ב כ.)

1. אז איכ בינ פונ דער שטוב ארויסגעגאנגענ,
אינ אלע גאסנ איז א יאָמער מיט א קלאָג,
מײַנע אויערנ האָבנ מיר אָנגעהויבנ צו קלינגענ,
מענ האָט זאיאוועט א בליזאציע אפ פארטאָג.

2. אוי, מײַנע ביינער זײַנענ שוואכ אונ קראנק,
מײַנ קאָפּ איז מיר אויכ ניט דערבײַ,
צו ליגנ אינ קאזארמע אפ דער הילצער באנק,
אונ דינענ דארפ מענ אימ געטרײַ.

3. אז איכ בינ קיינ כארבינ אָנגעקומענ,
איז דער ראש געווענ, אוי, זייער גרויס,
אזוי איז צו אונדז אנ עלטסטער צוגעלאָפּנ,
אונ אינ בוי ארײַנ שיקט מענ אונדז ארויס.

4. אוי, מע האָט אונדז פּריווירײַאיעט, וויפל מענטשנ מיר זײַנענ דאָ,
ווי די מאכנע איז גרויס.
ער האָט דאָכ אונדז געזאָגט, אז די פּאָזיציע איז שוינ גרייט,
אונ קוילנ טיילט ער אונדז ארויס.

5. מע טוט אינ קאזארמע ארײַנ רופנ
אונ מע טאָר ניט זאָגנ „ניינ“.
מע גיט זיכ אונדז א ביקס אפ צו שיסנ

און א פּאפּאכ מיט לאנגע האָר אפ צו גיין.
אוי, צו ליגן אין קאזארמע אפ דער הויל̄ער באנק
און דינען דארף מען אים געטריַי.

וואריאנטן צו נ. נ. 1, 2 באסטאָמסקי, ז. 87—88, נ. 4. די דאָזיקע לידער געהערן נאָכ צו דער צײַט פון דער רוסיש־יאפּאָנישער מילכאָמע (1904־1905), אויכ אין די יאָרן פון דער אימפּעריאליסטישער מילכאָמע זײַנען זיי געווען זייער פּאָפּולער (איכ אליינ האָב דאָס לידנ. 2 געהערט אינ 1914—1915 פונ בעטלערס אינ זשיטאָמיר.—ז. ס.).

## 3

(מאטעריאלנ פונ דער היסט. עטנ. געזעלשאפט)

1. מיר הייבן אָן צו זינגען, ברידער, —
אײנס, צוויי, דרײַ, פיר.
מיר הייבן אָן צו שפּרינגען, ברידער, —
אײנס, צוויי, דרײַ, פיר.
אפן גאס גיסט א רעגן, —
אײנס, צוויי, דרײַ, פיר,
מע האָט מיכ אין פּריסוטסטוויע אָפּגעגעבן, —
אײנס, צוויי, דרײַ, פיר.

2. מיידעלע, וואָס של̄אָפסטו נאָכ?
מיידעלעכ, וואָס דרימל̄ט איר?
אפן גאס קרייט דער האָן, —
אײנס, צוויי, דרײַ, פיר.
מאָרגן איז מײַן ל̄עצטער פריאָם, —
אײנס, צוויי, דרײַ, פיר.

מיר הייבן אָן צו זינגען א. א. וו.

3. פרײַטיקצונאכט דערל̄אנגט מען די כאל̄עס, —
אײנס, צוויי, דרײַ, פיר.
נעמט מען צו כאסאנים פון קאל̄עס, —
אײנס, צוויי, דרײַ, פיר.
פרײַטיקצונאכט דערל̄אנגט מען די פיש, —
אײנס, צוויי, דרײַ, פיר.

נעמט מען צו מײַן זון פֿון טיש, —
איינס, צוויי, דרײַ, פֿיר.
מיידעלע, וואָס שלאָפֿסטו נאָך א. א. וו.

4. פֿרײַטיקצונאכט דערלאַנגט מען די לאָקשן, —
איינס, צוויי, דרײַ, פֿיר.
און דאַן טרײַבט מען אַוועק אַזויווי די אָקסן, —
איינס, צוויי, דרײַ, פֿיר.
פֿרײַטיקצונאכט דערלאַנגט מען די פֿלייש, —
איינס, צוויי, דרײַ, פֿיר.
און דאַן טרײַבט מען אַוועק אין בלוטיקן שווייס, —
איינס, צוויי, דרײַ, פֿיר.
מיידעלע, וואָס שלאָפֿסטו נאָך א. א. וו.

5. פֿרײַטיקצונאכט דערלאַנגט מען דעם צימעס, —
איינס, צוויי, דרײַ, פֿיר.
און דאַן טרײַבט מען אַוועק אין ווײַטע מעדינעס, —
איינס, צוויי, דריי, פֿיר.

פֿאַרשריבן בײַ קינדער פֿון בעזשענצעס.

## 4

(קופּערשמיד ש)

1. נאָר איך יאָמער און קלאָג,
ברעך די הענט און וויין,
באַנאַכט נאָך מיין ווי באַטאָג,
אָט־דאָ אין קאַזאַרמע אַליין.

2. באַנאַכט איך ליג אַף מײַן געלעגער,
ליג איך מיר און טראַכט.
ס'האָט שוין געשלאָגן צוועלף דער זייגער,
ס'איז שוין נאָך האַלבער נאַכט.

3. איך בין פֿון מײַן היים אַוועק,
אַזויווי א פֿייגל פֿון זײַן געצעלט,
וואָס טויג מיר מײַן ליכטיק לעבן
מיט מײַן פֿאַרביטערטער וועלט?

4. איך בין פון מײַן היים אװעק,
אזױװי א פױגל פון זײַן נעסט,
פארהאָפּן, פארהאָפּ איך צו גאָט,
אז איך װעל האָבן פון אים א טרײסט.

5. אוי, די ליד האָב איך אלײן אױסגעטראכט
און טו זי מיר שטענדיק זינגען.
פארהאָפּן, פארהאָפּ איך צו גאָט,
אז דאָס גלעקעלע פון מאזל װעט טאָן װידער קלינגען.

פורמאַן בוישע, בעלאַצערקווע.

## 5

(קופּערשמיד ש.)

1. אוי, זעקס אזײגער אינדערפרי
גײט צו מיר דער זװאָדני צי*
|: — פרידמאַן, אוי, קראַסני, אוסטאַװײַ. :|

2. איך טו מיך גיכער אָן,
סע קלאַפּט מיר א צאָן אין א צאָן,
|: אינדרויסן, מאַמע, הער איך נאָר א זשום, אוי, א זשום. :|

3. איך הער זיך, מײַן דיװיזיע,
זי גײט זיך אפּ קאָמיסיע,
|: מאַמע, סע טוט מיר א פרײד, אוי! :|

4. גײט צו מיר דער זװאָדני צי*
„פּאָיעדיש נא פּאָזיציי"
|: מאַמע, סע טוט זיך מיר נאָר װײ, אוי, װײ. :|

5. איך זע, מע מעסט מיר מײַן געװיקס,
מע טוט מיר אָן די ביקס,
|: שטײען, מאַמע, שטײ איך דאכט זיך גלײַך, אוי. :|

---

*— צו.

6. איכ הער מיר אויס די טײַטש,
וױ סע פליט מיר א פאטש,
|: פונ דעם ראָטנע קאָמאנדיר, מאמע, אליינ, אוי, אליינ! :|

7. אז איכ בינ געווענ א קינד בא מײַנ טאטנ,
|: ליב געהאט האָט מיכ די גאנצע וועלט, אוי. :|
|: היינט, אז איכ בינ צו פאָניענ אָנגעקומענ :|
|: העלפט מיר אפילע ניט קיינ געלט, אוי, קיינ געלט! :|

8. אז איכ בינ געווענ א קינד, א קינד בא מײַנ מאמענ,
|: פלעגט מיר ניט געפעלנ דאָס געקעכצ, אוי! :|
הײַנט ליג איכ אינ דער פינצטערער קאזארמע,
מײַנ מאמע טוט אפילע נישט קיינ קרעכצ, אוי, קיינ קרעכצ.

9. איז דער פאָיעזד אוועקגעגאנגענ
מיט לידער אונ געזאנגענ,
געגאנגענ איז ער גלײַכ קיינ קעשיניאָוו,
דער פאָיעזד אוועקגעגאנגענ,
די קעפ אראָפגעהאנגענ,
|: געקומענ איז ער גלײַכ קיינ פייטערבורג. :|

לײזיס בערל, 14 יאָר, שילער, בעלאָצערקווע.

6

(לעוויצקי א.)

1. הונגעריק אונ שלעפעריק אונ קײַע גאנצע ביסנ
בינ איכ יעצט אינ פאָכאָד
פארוויסט, פארפינצטערט, אויסגעריסנ
דרײַ כאדאָשים אקוראט.
ווי דערלעב איכ שוינ די צײַט
איכ זאָל קומענ צווישנ לײַט,
איכ זאָל שוינ ניט דארפנ זײַנ נאווענאד.
כ'וואָלט אופגעהויבנ די הענט,
ווי ווײַט איכ וואָלט געקענט
אונ וואָלט געדאנקט דעם לעבעדיקנ גאָט.

2. כ'גיי ארויס אפן פעלד
מע זע ניט די וועלט
סע דונערט, סע בליצט—א גרויסער שרעק.
דער זאָטל מיטן פערד,
די ביקס מיט דער שווערד,
איך טרעט ניט אָפּ פונעם אָרט.
ווי דערלעב איך שוין די צייט א. אז. וו.

3. אפ א סטאנציע, אז איך קום,
איך קוק מיך ארום,
כ'קען שוין ליגן בארוט.
דעם שינעל צי איך אראָפּ
און ליג ווי א גראפּ,
איך האָב שוין א פרייע מינוט.
ווי דערלעב איך שוין די צייט א. א. וו.

4. דורכן שלאָף איך הער א געשריי:
„ווסטאוויי!" א סיגנאל, א טרעוואָגע—
איך פאָר שוין ווייטער אוועק.
ווי דערלעב איך שוין די צייט א. א. וו.

וואר. צו ערשטער סטראָפע און צום צוזינג בא קאהא־
נען II, ז. 184, נ. 6.

## 7

(רייכשטיין כ.)

1. צום וויזנסקי נאטשאלניק אָן דיין טאטן—
ווי דיין מאמען, וויי,
זאָלסט גיין אפ דער פּאָזיציע, ס'אָל דיר גאָרנישט שאטן—
ווי דיין מאמען, וויי.

2. דריי וואָכן אין די אָקאָפּעס—
ווי דיין מאמען, וויי,
און די סנאריאדן טועג קלאפּן—
ווי דיין מאמען, וויי.

3. כ'ל לויפן אפן פעלד צו דיין טאטן—
ווי דיין מאמען, וויי,

אז זאָלסט גיין אפּ פּאָזיציעס, ס'זאָל דיר גאָרניט שאטן—
ווי דײַן מאמען, ווײ.

4. דו ביסט דאָך מיר געווען די שײַן פון די אויגן—
ווי דײַן מאמען, ווײ,
און ווי א פייגעלע ביסטו פון מיר פארפלויגן—
ווי דײַן מאמען, ווײ.

## 8

(מאטעריאלן פון דער היסט. עטנ. געזעלשאפט)

1. ווי שלעכט איז בא יעצטיקע צײַטן,
אלעמאָל אן אנדער מעהומע.
פון די גרעסטע צאָרעס קוים פּאָטער געוואָרן,
פּלוצלינג פאנגט זיך אָן א מילכאָמע.
אוי, ווי ווערן מיר איבערטראָגן די שרעקלעכע קלאָגן,
פון די יונגע קינדער פארנעמען דעם ראכמאָנעס?
די פראגע טוט מען נור פרעגן
פיל פרויען, אז ס'כאפט אָן א שרעק.
קינדערלעך, ווער ווײס אײַך ערנערן,
אז אײַער פּאָטער גייט אפ מילכאָמע אוועק?

2. די קינדער מיט דער מאמען
זיי קלאָגן צוזאמען,
פיל עלטערן אין אָנמאכט פארבלײַבן.
קוילעס פונדערווײַטן
הערט זיך פון אלע זײַטן
בייס מע טוט זיי צום באן אוועקטרײַבן.

3. צוויי אזייגער שפּעט נאָך האלבע נאכט
זיצט א פרוי די קאָפּ אײַנגעבויגן.
מ'האָט איר א בריוו פון מאן געבראכט,
זי לעזט אים מיט טרערן אין די אויגן.
זי לעזט אים ראק ווידער,
עס ציטערן אירע גלידער,
איר מאן איז יעצט אין דער גרעסטער סאקאָנע

„פארבלײַב געזונט אצינד,
מײַן ליבע פרוי און קינד,—
זאָלסט כאָטש ניט בלײַבן קײן אַלמאָנע“.

4. אן אַלטע מוטער זעט מען דאָרט זיצן,
איר הארצ צעגײט נעבעך דאָרט פון געווײן:
„מײַן ליבער זון, ווער ווערט מיך יעצט שטיצן,
ווו נעם איך אזא פרײַנט, ווי דו ביסט מיר געווען?
זינט דו האָסט זיך מיר געפעלט,
איז מיר פינצטער מײַן וועלט,
פינצטער איז מיר אין אַלע מײַנע וועגן.
אין דאכקעס און נויט,
אָן א שטיקעלע ברויט,
איך האָב ניט די קאָפּ ווו צו לײגן“.

פארשריבן בא קינדער פון בעזשענצעס. ווארצטשר. — II—III, ז. 827—828, ג.ג. 17, 18. ווי ס'איז צו זען פון די דאָזיקע וואריאַנטן האָט מען אָט דאָס ליד געזונגען אויך בעשאס דער רוסיש־יאפּאַנישער מילכאָמע.

## 9

(בערעגאָווסקי מ.)

1. אז איך בין א קלײן ײנגעלע געווען,
|: געווען בין איך, מאמע, נאווענאד, :|
|: און צײַט, מאמע, מע האָט מיך אָפּגעגעבן
קײן גוטן טאָג האָב איך ניט געהאט. :|

2. ווי מיר זײַנען צו געדמאניען אָנגעקומען,
|: די גערמאנצעס, זײ שטײען פאר אונדז גרײט, :|
|: די ערשטע פּוליע האָט דאָס מיך געטראָפן,
אז פון מײַנע פיס האָט דאָס מיך געלײגט. :|

3. ווי מע האָט מיך אין לאזארעט ארײַנגענומען,
|: די דאָקטוירים, זײ דרײען זיך ארום מיר; :|
|: אין א טײַך בלוט ליג איך אײַנגעזאָפּן,
די פּוליעס, מע שלעפּט זײ פון מיר. :|

4. א בריוועלע שרײַב איך צו מײַן מאמען,
|: שרײַבן שרײַב איך איר נאָר פון מײַן געזונט, :|
|: אז די רעכטע האנט האָט מען מיר אראָפּגענומען
און אפ מײַנע אויגן בין איך שוין בלינד. :|

5. א בריוועלע, א בריוועלע שרײַב איך צו מײַן קאלע,
|: שרײַבן שרײַב איך איר נאָר פון מיר אליין, :|
|: אז די טנאָים זאָל זי שוין צערײַסן,
און מיט א צווייט ייִנגעלע צו דער כופּע גיין. :|

6. כ׳האָב זיך גוזיאיעט מיט טאָווארישטשעס,—
צי האָט עס געהאט א טאם—
|: ווי זשע נעמט מען שוין דעם לעצטן ברודער,
ער זאָל מיר שטעלן א צאם. :|

פּרימוס ב. 20 יאָר. ארבעטערן פון טריקאָטאזש־פאבריק, אָדעס. דאָס ליד געהערט אין 1924 יאָר אין טיראספּאָל.

## 10

וואריאנט (בערעגאָווסקי מ.)

1. אז ווײ דעם טאטן און אז ווײ דער מאמען,
וואָס זײ האָבן א זון א זאפּאסנוי,
|: מע טוט אים אָן די סאָלדאטסקע קליידער
און מע שיקט אים, אוי ווײ, גלײַך אין בוי. :|

2. ווי מיר זײַנען צום פּאָיעזד געקומען,
אפ דער פּלאָשטשאדקע בין איך געבליבן, אוי, שטיין.
|: אוי, ווי דער פּאָיעזד האָט אויסגעסווישטשעט,
אוי, אויסגעבראָכן האָט זי א גרויס געוויין. :|

3. אוי, וויין ניט, מאמע, אוי, וויין ניט, מוטער,
אז גאָט וועט העלפן וועל איך קומען, אוי, צוריק.
|: דו זאָלסט מיר, אוי ווײ, מײַן שטוב אָפּהיטן,
דו זאָלסט מיר אָפּהיטן מײַן ווײַב און קינד. :|

4. אוי, ווי מיר זײַנען אפ דער ערשטער פּאָזיציע געקומען,
אוי, בלאַס בין איך געוואָרן ווי א בלײַ.

|: אוי, זעקס טעג אין די אָקאָפּעס ליגן,
און עסן דעם דריטן טאָג איין שטיקל ברויט. :|

5. אוי, ווי מיר זײַנען צו דער דריטער פּאָזיציע געקומען,
אוי, טויב בין איך געוואָרן ווי די וואנט,
|: די ערשטע פּוליע האָט מיך געטראָפן,
אראָפּגענומען האָט מיר די רעכטע האנט. :|

6. אזויווי מע האָט מיר די רעכטע האנט אראָפּגענומען :|
געבליבן ליגן בין איך לעם א ברעג,
|: די סאניטארן זײַנען אָנגעלאָפן
און מיך צוגענומען אין לאזארעט. :|

7. ווי איך בין נאָר אין לאזארעט געקומען,
א בריוועלע טו איך צו דיר שרײַבן אצינד;
|: שרײַבן שרײַב איך דיר, מײַן טײַערע מוטער,—
אראָפּגענומען האָט מען מיר די רעכטע האנט. :|

8. נאָר וויין ניט, מאמע, וויין ניט, מוטער,
קאָנסט דאָך מיינען, אז איך ליג אליין—
|: אלע טאָג ברענגט מען נײַע ברידערלעך,
עס ווערט א יאָמער מיט א געוויין. :|

פּאָרייטער מ. 46 יאָר, א רימער, אָדעס.

## 11

וואריאַנט

(רײַכשטיין כ.)

1. אז ווי ז'דעם טאטן, אז ווי ז'דער מאמען,
וואָס האָט א זון א זאפּאסנוי.
מע טוט אים אָן די וואָיענע קליידער
און שיקט מען אים גלײַך אין בוי.

2. ווי ער איז נאָר אין בוי געקומען,
טויט איז ער געוועזן ווי די וואנט.
די ערשטע פּוליע האָט אים געטראָפן
און אראָפּגענומען אים די רעכטע האנט.

3. שרײַבט א בריוועלע צו מײַן מאמען,
צו מײַן שוועסטער אויך א גרוס,
אז די דאָקטוירים האָט מען פּאָזוואָליעט,
האָט'ן מיר אראָפּגענומען דעם רעכטן פוס.

4. ווײנ ניט, מאמעניו, ווײנ ניט, דושעניו,
מיינ ניט מאמע, אז איך ליג אליין —
אלע מאָל א גוטער ברודער,
ס'ווערט א יאָמער מיט איין געוויין.

## 12

(לעוויצקי א.)

וואריאנט

1. ווי דער מאמען, ווי דער מוטער, —
זי האָט א זונדעלע א זאפּאסנוי,
מע טוט אים אָן די סאָלדאטסקע קליידער
און ער גייט שוין גלײַך אין בוי.

2. ווי ער איז געקומען אין פּאָזיציע,
פאר דערשרעק געבליבן שטיין.
די ערשטע קויל האָט אים געטראָפן,
געפאלן איז ער ווי א שטיין.

3. ווען מע האָט אים אין שפּיטאָל גענומען,
געפונען האָט מען בא אים אסאך געלט.
„שיקט צו רופן מײַן געטרײַע מאמע,
ווײַל איך גיי איצט פון דער וועלט“.

4. ווי די מוטער איז אין שפּיטאָל געקומען,
האָט זי אָנגעהויבן ברעכן די הענט.
זי האָט געהאט אזא געטרײַען זון,
איצט גייט ער פון דער וועלט.

באָסלעוו. וואר. צו נ. נ. 10, 11, 12 — באסטאָמסקי ז. ז. 106, 108. נ. נ. 1, 2. וועגן אָט דעם מילכאָמע-ליד האָט פּראָפ. וו. אנדערסאָן אָנגעשריבן אן אויספירלעכן רייך-פּאָרמאליסטישן אנאליז (זע פילאָלאָגישע שריפטן פון ייִוואָ, צווייטער באנד, ז. ז. 403—414).

## 13

(מאטעריאלן פון דער היסט. עטנ. געזעלשאפט)

1. שטיין שטיי איך מיר אין פריסוטסטוויע,
שטייט מײַן מאמע און ווארט אף מיר. —
„וואָס זאָל איך דיר, מאמע, זאָגן —
אז מע שיקט מיך אין סיביר".

2. פאָרן פאָר איך מיר אין סיביר,
און דער וועג איז זייער ווײַט.
איך נעם זיך דערמאָנען,
וואָס סלוזשבע באטײַט.

3. אין סיביר האָב איך קיין פולע ניט פארבראכט:
א וואָך און צוויי און דרײַ,
גייט ארײַן דער פּאָלוראָטנע און גיט א געשריי:
„וואָיעוואט, פוידיאָם, רעביאטא, ווסטאווײַ!"

4. אוועק בין איך אהיים,
און מײַן פעקעלע האָב איך מיר פארפאקט,
אוועקגעלאָפן צום וואָקזאל,
און מײַן שאלאָן האָב איך פארכאפט.

5. פאָרן פאָר איך מיר אף פּאָזיציע,
פאָר איך מיר פארבײַ דער היים,
גיי איך מיר אראָפ אין שטעטל
צו דער מאמען מיט א גרויס געוויין.

6. „ווי זאָל איך אף פּאָזיציע ניט גיין,
אז דערופ האָב איך געשוואָרן?"
„יאווע זיך צום וואיִנסקן און זאָג,
אז דײַן שאלאָן האָסטו פארלאָרן".

7. אוועק בין איך צום וואיִנסקן,
דער פאלאץ איז גרויס ווי האלב אָדעס,
און ער האָט מיך פאראַרעסטירט
און פארזעצט אף דרײַ מעסלעס.

. זיצ איכ מיר באם וווייִנסקנ נאצאלניק,
מיטאמאָל הער איכ א קלאפ אינ טיר,
איכ מיר צום טיר נעענטער:
דער סטארשע שרײַבער רופט עס מיר.

9. ווי איכ בינ צוגעגאנגענ נעענטער
האָב איכ מיט טרערנ געגעבנ א גאָס:
„ניע בויסיא, טי סאָלדאטיק,
נא פּאָזיציִו אָפּיאט פּוידיאָש!”

10. פּאָרנ פּאָר איכ מיר אפּ פּאָזיציע,
פּאָר איכ דורכ קאזאצער גאס,
אונ פונ מײַנע אויגנ גיסנ טרערנ,
אונ דער ברוק איז נאס.

11. פּאָרנ פּאָר איכ מיר אפּ פּאָזיציע
אונ אינ אָקאָפּע האָט מענ מיכ ארײַנגעלייגט
ליגט לעמ מיר א ווינטאָווקע,
אוי וויי, מיט פּולייעס אָנגעגרייט.

12. ווי איכ האָב גענומענ די ווינטאָווקע אינ האנט,
אזוי האָט מענ אָנגעהויבנ צו שיסנ,
איז פארבײַגעלאָפּנ א שראפּנעל
אונ האָט מיר די האנט אָפּגעריסנ.

13. ווי מע האָט מיר די האנט אָפּגעריסנ,
האָב איכ געמאכט א גרויס געוואלד,
איז אונטערגעלאָפּנ א סאניטאר
אונ האָט מיכ צוגענומענ באלד.

14. ליגנ ליג איכ מיר אינ מאָסקווער לאזארעט,
אונ מײַנע וווּנדנ היילנ זיכ ניט אויס,
געשטאנענ בינ איכ אפּ קאָמיסיע
מיט א טשיסטע אָטסטאווקע בינ איכ ארויס.

ראגאזאג, 12 יאָר, שילער



1022—8

(קופערשמיד ש.)

1. איך ליג אין די אָקאָפּעס אין פינצטערנ קייווער,
די סנאריאדנ זיי פליענ, עס ציטערט יעדער אייווער.
פלוצלינג הער איך א געשריי פונ דעם קאָמאנדיר: „אוי, אוי, אוי!
פריגאָטאָוויטיעס נא שטיקארסקי בוי"!

2. איך בינ פונ די אָקאָפּעס ארויסגעשפּרונגענ,
די גערמאנסקי שפּאָרנ זיי קלינגענ,
איך האָב צו דיר, אָ, גאָטעניו, מיט די הענטעלעך פארבראָכנ.
דער סוינע האָט ניט געטראַכט,
אונ האָט מיך אומגליקלעך געמאכט
אונ האָט מיך אינ דער רעכטער זײַט געשטאָכנ.

3. געפאלנ בינ איך מיעס,
אפ מענטשלעכע פיס.
אוי, דאָרט ליגט נאָך איינער,
א יונגער, א שיינער.
ער שרײַט: „מאמעניו, מאמעניו, מוטערוניו געטרײַע,
דו ביסט ניטאָ בא דײַנ בעניאָכידס לעווײַע".

4. יעצט ליג איך אינ דער באָלניצע,
די דאָקטוירים זײַנענ מיר מערוצע,
זיי שנײַדנ פונ מײַנ לײַב די שטעכעדיקע ווונדנ.
מוטער, פרוי אונ קינד,
בעט פאר מײַנ געזונט
מע זאָל מיך פאר קיינ קאליקע ניט פארבינדנ (?).

5. ריבוינעשעלוילעם,
גיב א קוק אפ דײַנ אוילעם,
פארנעם שוינ דאָס פּלאָגונג פונ דײַנע יעסוימים.
ריבוינעשעלוילעם,
גיב א קוק אפ דײַנ אוילעם,
פארנעם שוינ דעם גזאר פונ האשאָמאים.

בעלאָצערקווע.

## 15

(מאטעריאלן פון דער היסט. עטנ. געזעלשאפט)

1. איך ליג מיר אין אָקאָפּע
מיט פארוויינטע אויגן,
א באָמבע איז אראָפּגעפאלן, —
א צעפּעלין געפלויגן.

2. מיר ליגן אין אָקאָפּע
א וואנט לעבן א וואנט,
א קלאָג צו [........]
ער האָט מיך געראניעט א פוס מיט א האנט.

3. איך ליג מיר אין אָקאָפּע,
קומט מיר א בריוו פון טאטן,
כ'קאָן דאָך עס ניט לייענען
פון די קלעפּ פון די הארמאטן.

4. איך ליג מיר אין אָקאָפּע,
פון זיבן אינדערפרי.
אָנגעקומען א פּריקאז,
מע זאָל גיין גלײַך נאַ שטיקי.

5. נאַ שטיקי זײַנען מיר אָנגעלאָפן,
אזויוי די פּיקסן,*
דער דײַטש שיסט מיט פּוליעס,
און מיר מיט פוסטע ביקסן.

6. מיר ליגן אין אָקאָפּע
און עסן דעם אָביעד,
קומט אָן א פּריקאז,
מע שיקט אונדז שוין אוועק.

7. מיר ליגן אין אָקאָפּע,
סנאריאדן לויפן ווײַטער;
דער ייִדעלע האָט מוירע —
שמע־ייִסראָעל שרײַט ער.

---

* — פוקסן.

8. די מילכאָמע ציט זיך לאַנג
פון אכצן שוין מאָנאטן,
צוגענומען אַלטע
און געמאכט פאר סאָלדאטן.

9. די מילכאָמע האָט זיך אָנגעהויבן
פאר יעדערן באזונדער.
צוגענומען טאטעס
פון אכט־נײַן קינדער.

מודריק, 12 יאָר, א שילער.

## 16

(קופערשמיד ש.)

1. א ליד, ליבע מענטשן, וועל איך אײַך זינגען,
א ליד פון פרײַטיק אפדערנאכט;
די ליד, מענטשן, מעגט איר מיך אויסהערן,
ווען גאָט האָט מיר צו מײַן זיס לעבן געבראַכט.

2. אז אורעמעלע איז אפן וואָקזאל געקומען,
ארויסגעלאָזט האָט ער א גרויס געוויין:
„פארבלײַב געזונט, מײַן טײַערע מאמע,
גאָט ווייסט צי מיר וועלן זיך נאָך אמאָל זען".

3. ווי דער פאָיעזד האָט זיך אָנגעהויבן רירן,
אפן ערשטן טרעפל איז ער געבליבן שטיין, —
„אדיע, אדיע, מײַן פיל־געליבטע קאלע,
גאָט ווייסט צי מיר וועלן זיך נאָך אמאָל זען".

4. ווי אורעמעלע איז אפ דער פאָזיציע אָנגעקומען,
געבליבן שטיין איז ער אליין,
איז צוגעגאנגען בערעלע זײַן גוטער ברודער
„קום, אורעמעלע, לאָמירביידע גיין.

5. קום, אורעמעלע, איך וועל דיר עפּעס זאָגן,
צוויי ווערטער וועל איך דיר זאָגן אפ א פּלאַן, —
ווען ס'וועט פון אונדז די ערשטע קויל טרעפן,
יענעמס מאמע זאָל מען איבערגעבן א ווײסטע בסורע אין האנט".

6. ווי זיי זײַנען אין די אָקאָפּעס אַרײַנגעגאַנגען,
געבליבן ליגן זײַנען זיי בלאַס ווי די וואַנט,
אַזוי איז אַרײַן אַ גערמאַנסקע באָמבע,
אוורעמלען דערהאַרגעט און בערלען געטראָפן אין האַנט.

7. ווי בערלע האָט אָ־דאָס דערזען,
אַרויסגעלאָזט האָט ער אַ גרויס געוויין,
אַזוי איז ער צוגעלאָפן צום גלאַווגע פעלדשער —
„איך בעט דיך, דושעניו, לאָז מיך אָפּ אַהיים".

8. ווי בערלע איז אין שטוב אָנגעקומען,
אַזוי האָט זיך אוורעמעלעס מאַמע באַלד דערוווּסט:
„זאָג מיר, בערלע, אוי, דעם ריכטיקן עמעס,
צי האָסט מײַן זון אוורעמעלען ניט געזען?"

9. „דעם ריכטיקן עמעס וועל איך אײַך זאָגן,
אײַער זון אוורעמעלען האָב איך דאָרט געזען,
אײַער זון אוורעמעלען האָט מען דאָרט דערהאַרגעט,
און אײַער זון אוורעמעלען וועט איר מיינ ניט זען".

10. ווי אוורעמעלעס מאַמע האָט אָ־דאָס דערהערט,
אַרויסגעלאָזט האָט זי אַ גרויס געוויין,
גאַנץ באָלגאַרסקע איז זיך צונויפגעלאָפן —
„מײַן זון אוורעמעלע וועט איר מיינ ניט זען".

בערקאָווסקע כײַע, בעלאָצערקווע.

## 17

(סקודיצקי ז.)

1. דאָס פערצנטע יאָר איז אָנגעקומען, וויי, אוי, וויי,
דאָס פערצנטע יאָר איז אָנגעקומען,
|: פאַר אַ סאָלדאַט האָט מען מיך צוגענומען, וויי, אוי, וויי. :|

2. דרײַ טעג בין איך אין סירעסט געליגן, וויי, אוי, וויי.
דרײַ טעג בין איך אין סירעסט געליגן,
|: כ'האָב געוואָלט מײַן לעבן גערן, וויי, אוי, וויי. :|

3. איך בין אפן שליאכט־פעלד ארופגעקומען, וויי, אוי, וויי,
איך בין אפן שליאכט־פעלד ארופגעקומען,
|: האָב איך געטראָפן מײַן טאָװארישטש אין בלוט שווימען, וויי
אוי, וויי. :|

4. אפ די גרינע פעלדער, וועלדער, וויי, אוי, וויי,
אפ די גרינע פעלדער, וועלדער,
|: ליגט פארלייגט דאָס פעלד מיט זעלנער, וויי, אוי, וויי. :|

5. דאָרט ליגט א זעלנער אָן א צורע, וויי, אוי, וויי,
דאָרט ליגט א זעלנער אָן א צורע,
|: אָן א קאסטן און אָן א קווורע, וויי, אוי, וויי. :|

6. דאָרט ליגט א זעלנער, דער קערפער איז אים צעריסן, וויי,
אוי, וויי,
דאָרט ליגט א זעלנער, דער קערפער איז אים צעריסן,
|: און פון זײַן הארץ טוט בלוט גיסן, וויי, אוי, וויי. :|

7. טוט א פויגל אָנצופליען, וויי, אוי, וויי,
טוט א פויגל אָנצופליען,
|: און שטעלט זיך אפן זעלנער אָפּצורוען, וויי, אוי, וויי. :|

8. שטיי ניט, פויגל, פלי געשווינד, וויי, אוי, וויי,
שטיי ניט, פויגל, פלי געשווינד,
|: און זאָג מײַן מאמען, אז איך בין געזונט, וויי, אוי, וויי. :|

9. נאָר פון מײַן טויט זאָלסטו איר ניט זאָגן, וויי, אוי, וויי,
נאָר פון מײַן טויט זאָלסטו איר ניט זאָגן,
|: ווײַל זי וועט דאָך וויינען און קלאָגן, וויי, אוי, וויי. :|

10. ווי דער פויגל איז אין שטוב ארײַנגעקומען, וויי, אוי, וויי,
ווי דער פויגל איז אין שטוב ארײַנגעקומען,
|: האָט ער געטראָפן די מוטער שטיין און וויינען, וויי, אוי, וויי. :|

11. וואָס־זשע וויינסטו, געטרײַע מוטער? וויי, אוי, וויי,
וואָס־זשע וויינסטו, געטרײַע מוטער,
|: אים איז פינצטער דיר איז ביטער, וויי, אוי, וויי. :|

12. וויאזוי זאָל איכ ניט וויינענ אונ קלאָגנ? וויי, אוי, וויי,
וויאזוי זאָל איכ ניט וויינענ אונ קלאָגנ,
|: אז מע האָט מייַנ קינד פאריאָגנ, וויי, אוי, וויי. :|

13. איכ בינ געבליבנ אנ אלמאָנע צו דערצו נאָכ בלינד, וויי, אוי, וויי,
איכ בינ געבליבנ אנ אלמאָנע צו דערצו נאָכ בלינד,
|: מע האָט פארטריבנ מייַנ איינ אונ איינציק קינד, וויי, אוי, וויי. :|

14. ווענ די זאמד וועט אנטרינענ ווערנ, וויי, אוי, וויי.
ווענ די זאמד וועט אנטרינענ ווערנ,
|: דענסטמאָלט וועט זיכ צו דיר דייַנ קינד אומקערנ, וויי, אוי,
וויי. :|

15. אונ די זאמד איז שוינ אנטרונענ, וויי, אוי, וויי,
אונ די זאמד איז שוינ אנטרונענ,
|: אונ מייַנ קינד וועט אהיימ ניט קומענ, וויי, אוי, וויי. :|

16. אינ פאלטאווע איז ער אוועקגעפאָרנ, וויי, אוי, וויי,
אינ פאלטאווע איז ער אוועקגעפאָרנ,
|: ער האָט פארשפילט זייַנע יונגע יאָרנ, וויי, אוי, וויי. :|

17. ווער וועט נאָכ אימ קאדעש זאָגנ, וויי, אוי, וויי,
ווער וועט נאָכ אימ קאדעש זאָגנ,
|: ווער וועט נאָכ אימ א ליכט נאָכטראָגנ, וויי, אוי, וויי. :|

18. אָנ א קאסטנ, אָנ א מיטע, וויי, אוי, וויי,
אָנ א קאסטנ, אָנ א מיטע,
|: אָנ א פאָטער אונ אָנ א מוטער, וויי, אוי, וויי. :|

19. נאָר דאָס פערדל דאָס געטרייַע, וויי, אוי, וויי,
נאָר דאָס פערדל דאָס געטרייַע,
|: וועט באשייַנענ די גאנצע לעווייַע, וויי, אוי, וויי. :|

ברעסלער ל.

וואריאנט

(טראָסטיאַניעצקי)

1. |: טאטעס, מאמעס, קליינע קינדער :|
זײַנען יעצט אין שול אצינדער.

2. |: טאטעס וויינען, מאמעס בעטן, :|
זייער קינד פון טויט פארהיטן.

3. |: צווישן גרינע פעלדער, וועלדער, :|
ליגט מיט קויל באדעקט א זעלנער.

4. |: און זײַן לײַב איז אפ אים צעריסן, :|
און דאָס בלוט טוט פון אים גיסן.

5. |: שווארצער פויגל קומט צו פליען, :|
שטעלט זיך אפ מײַן קייווער רוען.

6. |: שווארצער פויגל, גוטער ברודער, :|
גיב מיר הענט און גיב מיר גלידער.

7. |: שווארצער פויגל, ס'איז מיר א נויט, :|
זאָג מײַן מוטער, אז איך בין טויט.

8. |: ניט צו וויינען, ניט צו קלאָגן, :|
א טרייסט בין איך אײַך [גע]קומען זאָגן.

9. |: און אז די זאמד וועט אנטרונען ווערן, :|
וועט זיך אײַער זון צוריק אומקערן.

10. |: ווער וועט ליכט נאָך אים טראָגן, :|
ווער וועט נאָך אים קאדעש זאָגן?

11. |: נאָר דאָס פערדל דאָס געטרײַע, :|
וועט נאָכגיין נאָך דער לעווײַע.

פאָרייטער מ. אָדעס.

**19**

(לעוויצקי א.)

וואַריאַנט

1. אַף גרינע פעלדער און וועלדער
ליגט מיט פֿוליעס אַ זעלנער.
אָ, דו פֿויגל, שוואַרצער פֿויגל,
נאַ דיר מײַנע הענט און גיב מיר דײַנע אויגן.
נײַנצן יאָר איז מיר געוואָרן,
אַז מײַן מאַמע האָט מיך אָנגעוווירן.
ווער וועט נאָך מײַן לעווײַע נאָכגיין,
ווער וועט נאָך מיר קאַדעש זאָגן?

2. די לעווײַע וועט נאָך מיר נאָכגיין,
די שטערן וועלן נאָך מיר קאַדעש זאָגן.
די מאַמע האָט צום רויטן קאָמאַנדיר אָנגעשריבן,
צי איז איר זון לעבן געבליבן.
דער קאָמאַנדיר האָט צוריק געשריבן,
אַז איר זון איז אין פעלד געבליבן.

וואר. צו נ.נ. 17, 18, 19 — „Der Jude“, II, אַפּרעל־מײַ 1917, ז.ז. 123—124; באַסטאָמסקי ז.ז. 108, 109, נ.נ. 3, 4; ז. 132, נ. 5; „לעבן“ העפטן פון צײַט צו צײַט פאַר ליטעראַטור, קונסט און פובליציסטיק. „פון די מילכאָמע־יאָרן“, ווילנע, ז. 105—106. צטשר. II־III, ז. 801, נ. 12. מ. קליינמאַן, וואָס האָט פאַרעפנטלעכט דעם ערשטן וואַריאַנט פון „אַף גרינע פעלדער, וועלדער“ אין „Der Jude“ דערציילט,* אַז אין 1914—1915 האָבן יידישע זעלנער אין די שיסגראָבנס איבערזעצט דאָס ראָזיקע ליד פון אוקראַיניש. „די מאַמע האָט צום רויטן קאָמאַנדיר אָנגעשריבן“ — אַ קאָרעקטיוו, וואָס איז אַרײַנגעטראָגן געוואָרן אין די יאָרן פון בירגער־קריג. (אין באַסטאָמסקיס וואַריאַנט (באַסטאָמסקי, ז. 108, נ. 3) לייענט זיך דער ראָזיקער פערז אַזוי: „מײַן מאַמע האָט צום רויטן קרייץ געשריבן“.

---

* די ראָזיקע ידיעס, ווי אויך בכלל די אָנווײַזונג אַפן וואַריאַנט אין „Der Jude“ נעם איך פון מ. ווײַנרײַכס רעפעראַט איבער Jan Stanislaw Bystroń—Uwagi nad dziesięciu pieśniami ludowymi żydów polskich אין „יידישע פילאָלאָגיע“ 2־3, 1924, ז. 204.

## 20

(רײַכשטײַן כ.)

1. ווי די מוטער שטייט אינדרויסן,
שטייט זי גאָר פאַרטראַכט —
די וויסטע בסורע איז אָנגעקומען,
אַז מע האָט בערלען געהאַרגעט און באַרעכן געראַנעט אין זײַט.

2. ווי די מוטער האָט דאָס דערהערט,
האָט זי געגעבן אַ שטאַרקן קריי —
„גאָטעניו, נעם מיך צו פון דער וועלט,
אַז איך זאָל ניט זען די מיקע פון זיי".

## 21

(סקודיצקי ז.)

1. אינדרויסן גייט אַ רעגן,
ס'וועט דאָך ווערן אַ בלאָטע,
|: מ'האָט דאָך מיר צוגענומען,
נאַזנאַטשעט אין פּעכאָטע. :|

2. ווי איך בין נאָר אַפּ קאַרפּאַטער בערג אַרופּ,
אַזוי האָט זיך מיר אַהיים פאַרגלוסט.
|: אַהיים, אַהיים ט'זיך מיר פאַרגלוסט —
אַהיים בין איך אַנטלאָפן. :|

3. ווי מיראָנענקאָ האָט זיך נאָר דערוווּסט,
אַז מייער איז אַ ראַבער, *
|: אַרײַנגעשיקט האָט ער פּאָליציי,
מ'זאָל אים דאָרטן געפינען. :|

4. ווי פּאָליציי איז נאָר אַרײַן,
אַראָפּגעוואָרפן די היטל —
|: „אַנו, דו מייער, דו פײַנער מענטש,
באַווײַז דאָס ראַבע * קוויטל". :|

---

* „אַ ראַבער" — האָט אין די יאָרן פון אימפּעריאַליסטישער קריג געהייסן דער, וואָס האָט זיך אויסבאַהאַלטן פון מיליטער־דינסט.

5. ווי נאָר מייערקע האָט דאָס דערהערט,
קיין קאפּ זיך ניט דערשראָקן,
|: געכאפּט די פיס אפּ די פּלייצעס,
און דורכן פענצטער אנטלאָפן. :|

6. אך, דו מייער, דו פיַינער מענטש,
דערצו דעם ראָווס אַן איידעם,
ווי ער זעט פּאָליציי גייען,
קריכט ער אפּן בוידעם.

וואסילקאָוו

## 22

(סקודיצקי ז.)

וואריאַנט

1. אינדרויסן גייט א רעגן,
ס'וועט דאָך זיַין א בלאָטע ;
|: מע האָט נאַזנאטשעט מיַין טיַיער לעבן
אין דער דעוויאטער ראָטע. :|

2. אַזויווי מע האָט אים ארויסגעשיקט
איז ער באלד אנטלאָפן,
|: א בריוו צום פּריסטאוו איז אָנגעקומען,
אז מע זאָל אים כאפּן. :|

3. יעצט איז ער א גאנץ פיַינער מענטש
א באלעבאָס אַן איידעם,
|: און אז ער דערזעט פּאנאסיוקן
אנטלויפט ער אפּן בוידעם. :|

4. און אז מע כאפּט אים שוין אריַין,
מאכט ער נישט קיין גערודער,
|: א קערבל אין דער האנט רוקט ער אריַין
און מע ווערט גוטע ברידער. :|

סטראָקאָווסקי ס, סקווירע

## 23

(קופערשמיד ש.)

1. פאָניע איז קיין גאַליציע אַרײַנגעקומען,
געמיינט האָט ער, ער איז דער גאַנצער באַלעבאָס,
סע האָט ניט געדאָוערט קיין דרײַ־פיר וואָכן,
אַז פאָניע איז פון דאָרטן אַנטלאָפן.
יאַ, יאַ.
ווע (!) עסטרײַך, דײַטשלאַנד און טערקײַ צוזאַמען,
ליב מעכטע, ליב טײַערע דרײַ,
ווײַל פאָניען אָנגעלערנט
און אַזוי אים אַנטוויירנט.*
הײַנט אין אַ גוטער שאָ איז שוין ווידער פרײַ,
ווײַל פאָניע האָט די מאַפּאָלע,
ס'איז אים שוין ווידער אָ־ווײַ.
מע שלאָגט אים מיט איין בעהאָלע,
אַף צאָרעס איז ניקאָלײַ.
פאַרוועדנט (?) האָט ער שוין דעם שלאַכט.
מע האָט פון אים אַ טעל געמאַכט,
ווע (!) עסטרײַך, דײַטשלאַנד און טערקײַ!

פורמאַן מ., 14 יאָר, שילער. בעלאָצערקווע. דאָס דאָזיקע ליד איז אַפּאָנעם אַנטשטאַנען אין גאַליציע. עס איז עפּשער נאָכגעמאַכט געוואָרן פון אַ דײַטשיש ליד. „אַנטווייִרנט" געהער ניט צום גאַליציאַנער ייִדישן לעקסיקאָן. „ווע" און „פאַרוועדנט" דאַרפן זײַן קאָרומפּירטע ווערטער. זייער מיין איז ניט באַוווּסט.

## 24

(מאַטעריאַלן פון דער היסט. עטנ. געזעלשאַפט)

1. דער דײַטש איז אַרײַן אין גראָדנע
מיטוואָך אינדערפרי,
אַרויסגעטריבן די זשיטעלעס —
געוואָרן בעזשענצי.

---

* אַנטוויירנט—מעשאַלייעכ געווען (דײַטש, entfernt).

2. די דײַטשישע ראַזװועדטשיקעס,
זײ קומען שױן צו רײַטן.
דער דײַטש האָט אונדז אָקרוזשעװעט
פֿון אַלע פֿיר זײַטן.

3. פֿאַר אונדזערע געלט
ניטאָ שױן, װאָס צו קױפֿן, —
דער דײַטש האָט אונדז אָקרוזשעװעט,
ניטאָ װוּהין צו לױפֿן.

4. מיר זײַנען בעזשענצעס,
מיר זײַנען כאַװײרים,
דער דײַטש האָט אונדז פֿאַרטריבן
צו די מינסקער כאַזײרים.

מודדיק 12 יאָר, אַ שילער.

## 25

(מאַטעריאַלן פֿון דער היסט. עטנ. געזעלשאַפֿט)

1. ליבער גאַטעניו, ליבער טאַטעניו,
טו אַף אונדז אַ נעס.
טו אַף אונדז אַ בליק
און קער אונדז אום צוריק
באַלד אין אונדזער הײם.

2. פֿאַראַיאָרן, הערט איר,
פּורים אין דער צײַט
זײַנען מיר געװען אַלע אין שטוב;
הײַנט איז אַלץ פֿאַרקערט,
דער טאַטע איז גאַנץ װײַט,
אַלעס איז צעשטערט.

3. גרױסער גאָטעניו,
מיר גיבן צו דיר אַ בליק,

שיק אונדז די נעכאָמע,
שיק אונדז דעם טאַטן
גלײַך פֿון מילכאָמע צוריק —
די בעסטע שאָלעכמאָנעס!

איבערגעגעבן פֿון די שילערס: דישקאַן (נײַן יאָר), סטרו־
פּינסקאַיאַ (8 יאָר), שוואַרץ (8 יאָד).

## 1

(קופּערשמיד ש.)

1. „אוי, וואָס דיר געבן, מײַן טײַער קינד?
צי געבן דיר א שנײַדער־יונג?"
„א שנײַדער־יונג, א שנײַדער־יונג נייט כאַלאַטן,
שעלט דאָס ווײַב אין טאטנס טאטן —
ניין, טאטע, ס'איז ניט שיין".

2. „אוי, וואָס דיר געבן, מײַן טײַער קינד,
צי געבן דיר א סטאָליער־יונג?"
„א סטאָליער־יונג קלאַפּט קאַסטנס
און הייסט דעם ווײַב אָפּטער פאַסטן —
ניין, טאטע, ס'איז ניט שיין".

3. „אוי, וואָס דיר געבן, מײַן טײַער קינד,
צי געבן דיר א לערן־יונג?"
„א לערן־יונג קוועטשט די באַנק,
מאכט דאָס ווײַב גיך קראַנק —
ניין, טאטע, ס'איז ניט שיין".

4. „אוי, וואָס דיר געבן, מײַן טײַער קינד?
צי געבן דיר א סוחר־יונג?"
„א סוחר־יונג האַנדלט מיט סחורה,
קישט דאָס ווײַב אזויווי א חסיד די תּורה —
ניין, טאטע, ס'איז ניט שיין".

אָסטראָמאָגילסקי י. פּאוואָלאָטש. וואר. — ג. מ., ז. 198-199, נ. 246, 249. קאהאַן 2, ז. 13, נ. 5. לעהמאַן „גאַנאָווים־לידער" ז. 200, נ. 46. באַסטאָמסקי, ז. 66, 67, נ. 4. קיפּניס ]], ז. 106, 107. אינעם אַרכיוו פון אונדזער עטנאָגראַפישער סעקציע געפינען זיך נאָך אייניקע וואַריאַנטן פונעם דאָזיקן ליד.

2

(קופּערשמיד ש.)

1. שאדכאָנים אינ אלע גאסנ — וועך וויל מײַנ טאָכטער נעמענ ?
איכ וויל זי אָפּגעבנ,
איכ וועל מײַנ טאָכטער א גאָלדשמיד א מאנ געבנ,
וועט זי גײנ אינ גאָלדענע רינגענ.

2. איכ האָב געהערט זאָגנ: גאָלדשמידישע ווײַבער
דארפֿנ די רינגעג רײַבנ,
אז איכ וועל מײַנ טאָכטער א באלעגאָלע פֿאר א מאנ געבנ,
וועט זי דאָכ האָבנ וואָס צו טרײַבנ.

3. איכ האָב געהערט זאָגנ, אז באלעגאָלישע ווײַבער
דארפֿנ די שטעקלעכ שניצנ,
אונ איכ וועל מײַנ טאָכטער א בעדער א מאנ געבנ,
וועט זי דאָכ קאָנענ שוויצנ.

4. איכ האָב געהערט זאָגנ, אז בעדערשע ווײַבער
דארפֿנ די ווײַבער שמײַסנ,
אז איכ וועל מײַנ טאָכטער א בעקער א מאנ געבנ
וועט זי דאָכ האָבנ וואָס צו בײַסנ.

5. איכ האָב געהערט זאָגנ, אז בעקערשע ווײַבער
דארפֿנ די טײגנ קנעטנ,
אונ איכ וועל מײַנ טאָכטער א שויכעט א מאנ געבנ,
וועט זי דאָכ האָבנ וואָס צו פליקנ.

6. איכ האָב געהערט זאָגנ, אז שאָכטישע ווײַבער
דארפֿנ די קישקעס שאָבנ,
אונ איכ וועל מײַנ טאָכטער אנ אלטנ מאנ געבנ,
וועט זי אימ גיכ באגראָבנ.

ראָזנבערג פּ. פּאוואָלאָטש. ווארינאנט, — ג. מ., ז. ז. 262-263, ב. ג. 312, 313.

3

(קופּערשמיד ש.)

1. שטשאָ ווי באַטקאָ ז׳מענע כטיוו,
שטשאָ וויִנ מענע אוטאָפּיוו,
|: זא טאַקאָהאָ יא אישלא,
לוטשע בולאָ ני ראָספּלא. :|

2. וואָס האָט מײַן טאַטע פֿון מיר געוואָלט האָבן,
וואָס האָט ער מיך אַזוי יונגערהייט באַגראָבן,
|: איידער פֿאַר אַזאַ שלימאַזל כאַסענע צו האָבן,
בעסער וואָלט ער מיך געווען אַ קליינינקע באַגראָבן :|

3. אי נע האַרנאָ איסטע דע,
ניִמאַ ז׳קים ווייטי דאָ ליודיי,
|: הירקאָ, טערפּקאָ יאַק פּאָלינ,
הירקאָ, מאַמאַ, זשיטי ז׳נים. :|

4. ס׳איז ניט שיינ און ניט פֿײַנ,
ניטאָ מיט וועמענ אײנ גאַס אַרײַנצוגיינ.
|: ביטער איז ער ווי פּאָלינ,
ביטער, מאַמע, צו זײַנ מיט אים. :|

5. פּאָמאָזשי, באָזשע, זבאַוויטסיא,
פּאָלאָזשי יעהאָ נאַ לאַווצי,
|: יאַק נאַ לאַווצי פּאָלאָזשו,
סוויטשקו וו צערקווי פּאָסטאַווליו :|

6. העלף מיר, גאָט, מײַנ געדאַנק,
לייג אים אַנידער אַ ביסעלע קראַנק
|: אונ אַז ער וועט שוינ גאָר קראַנק זײַנ,
וועל איך אַ פֿונט ליכט מענאַדער זײַנ. :|

7. יאַק נאַ לאַווצי וויִנ לעזשאַוו,
בולאָ מעני טראָכע זשאַל;
|: אַ יאַק יעהאָ ז׳לאַווקי פּריניאַלי
האָרע ז׳סערדציאַ זאַבראַלי. :|

8. אַז ער איז געווענ גאָר קראַנק,
האָט מיר געטאָנ אַ ביסעלע באַנק,

|: און אז מ׳האָט אים צוגענומען א צוויי דריי טריט,
האָב איך געגאָסן א פריילעכע מינוט. :|

9. נא צווינטארי יא פלאקאלא,
איז צווינטאריא יא סקאקאלא:
|: סלאווא טאָבי, באָזשע, צאריו,
שטשאָ פּאָנעסלי נא צווינטאריו. :|

10. אפן פעלד האָב איך געווײנט,
פונעם פעלד האָב איך זיך געפרייט,
|: איך דאנק דיר, גאָטעניו, פאר מײַנע יונגע יאָר,
וואָס דו האָסט בא מיר צוגענומען מײַן שווארצ־יאָר. :|

11. זעמליעיו פריסיפּאלי,
טא נאָהאמי פריטאָפּטאלי; —
|: לעזשי, לעזשי וו טשאָרטאָווי יאמי
שטשאָב טי ני לאיאוו מענע או מאמי. :|

12. מיט דער ערד האָט מען אים פארשאָטן,
מיט די פיס האָט מען אים צוגעטראָטן,
|: ליג־זשע, ליג־זשע, דו שווארצ־יאָר, אין גרוב
איך זאָל ניט הערן קיין קלאָלעס אין מײַן שטוב. :|

וועקסלער אידע, בעלאָצערקווע

## 4

(טשערניאק י.)

װאריאַנט

1. אוי, טאטע, וואָס׳טו צו מיר געהאט,
וואָס האָסטו מיך כאסענע געמאכט?
|: איידער פאר אזא שלימאזל כאסענע צו האָבן,
בעסער וואָלסטו מיך באגראָבן. :|

2. אי ניט קלוג, אי ניט שיין,
אי ניטאָ מיט וועמען אין גאס ארויסצוגיין
|: אָט אזוי איז ביטער, ביטער ווי פּאָלין,
ביטער איז מיר זײַן מיט אים! :|

3. אוי, גאָט, גיב אים איין ביסעלע קרענק,
אונ אז ער וועט שוינ גוט קראנק זײַנ,
|: אונ אז ער וועט שוינ גוט קראנק זײַנ,
דאנ וועל איך דיר [א] ליכטעלע מענאדער זײַנ. :|

4. מיט די הענטעלעך צוגעשאָטנ,
מיט די פיסלעך צוגעטראָטנ.
|: לייגט אים, לייגט אים טיפער אינ גרוב,
קעדיי קיינ קלאָלע זאָל ניט זײַנ אינ שטוב. :|

5. אוי, טאטא, שטאָ טי זאראָביל,
שטאָ טי מיניע זאטאָפיל?
|: טשעמ זא טאקאָוואָ זאמוזש יא אישלא,
לוטשעב יא ניע וויראָסלא! :|

6. אי ניע סיט, אי ניע מיל,
ניע סקיעמ ווידיטש דאָ ליודזיי
|: טאק מיניע האָרקאָ, יאק פאָלינ,
האָרקא מיניע זשיצ איס נימ. :|

7. אי ס'רוקאמי פריסיפאלי,
אי ס'נאָגאמי פריטאָפטאלי,
|: קלאדי, קלאדי וו טשערטאָוו יאמי
שטאָבי ניע רוגאלי מאָ׳ע מאמי. :|

פריידינע מ. א נייטערנ, 50 יאָר. כאָטימסק, וואר. צו נ.נ. 3,4 — קאהאנ II, ז. 75, נ. 9. Шейн „Белорусские народ. песни“ Петербург 1874, стр. 279 ·אלע ייִדישע וואריאנטנ זײַנע אפאָנעמ איבערזעצונגענ פונ ווײַסרוסישע אונ אוקראַינישע פאָלק־לאָר־לידער.

## 5

(סקודיצקי ז.)

1. איינעמ איז דאָך זייער גוט,
דעמ אנדערנ איז נאָך בעסער
|: טרינקט ער טיי מיט צוקער — :|
|: אונ איך האָב דאָך פארשפילט

מײַנע יונגע יאָרן,
איז דאָך מיר פינצטער און ביטער. :|

2. איינעם איז דאָך זייער גוט,
דעם אנדערן איז נאָך בעסער,
|: עסט ער גוטע מײַכאָלים — :|
|: און איך האָב דאָך פארשפילט
מײַנע יונגע יאָרן,
אזויוי א שלאָף אָן א כאָלעם. :|

3. איינעם איז דאָך זייער גוט,
דעם אנדערן איז נאָך בעסער,
|: נייט ער שיינע קליידער — :|
|: און איך האָב דאָך פארשפילט
מײַנע יונגע יאָרן,
אזויוי אין א פינצטערן כיידער. :|

4. איינעם איז דאָך זייער גוט,
דעם אנדערן איז נאָך בעסער,
|: פלאנצט ער זיך א ווײַנגאָרטן — :|
|: און איך האָב דאָך פארשפילט
מײַנע יונגע יאָרן,
אזויוי א קארטיאָזשניק אין קאָרטן. :|

גאָרילאָווסקי ב. 50 יאָר, ראדאָמישל.

## 6

(קופערשמיד ש.)

1. א יאָר נאָך מײַן כאסענע געווארט האָב איך אף גליק,
טײַנעט א יונג ווײַבעלע, זי רעדט און שעלט,
גענומען האָב איך א מאנעכל אף סאָנים נאָר געזאָגט,
נאָר כאפן, קינדער, קען איך ניט צוריק.

2. ער גייט זיך אין טעאטער א סיאט (?) א טײַערן,
און מיך, מאמע, נעמט ער שוין ניט,
ער זאָגט, אז איך בין געבוירן צום קאָכן און צום שײַערן
און צו דערלאנגען גרייטס צום טיש.

3. אוי, אז איך שרײַ, אז ער זאָל אָן מיר ניט גײן,
הײסט ער מיר זיך רײַסן אף די צײן.
ער כאַפּט זיך באַלד צום שטעקעלע
און לאָזט מיך מיטן ברעקעלע,
טו איך מיר זינגען די טרויער־ליד אַלײן.

4. איך שווער אײַך בײַ וואָס הײליקײַט,
אַז דאָס איז ניט קײן קלײניקײַט,
בעסער איז צו בלײַבן אַן אַלטע מויד,
פון גאָט באַשערט אַ זיבעלע,
די גרויס ווי אַ ציבעלע,
פונעם קלײנעם געפעשל האָב איך שוין דעם טויט.

קאַהאַנ. ראַקיטנע.

## 7

(קופּערשמיד ש.)

1. העמדער אַ טוץ האָב איך אויך, — טאַדערי דאָם־באָם,
פון זײ איז ניטאָ אײנע קײן גאַנצע אויך, — טאַדערי דאָם־באָם.
הײַנט האָב איך אַ פּלאַן באַטראַכט, — טאַדערי דאָם־באָם,
כ׳האָב קוים פון זײ אײן העמד געמאַכט, — טאַדערי דאָם־באָם.

2. פיר דירעס האָב איך אויך, — טאַדערי דאָם־באָם,
אין זײ איז ניטאָ קײן טיר און קײן פענצטער אויך, — טאַדערי דאָם־באָם.
הײַנט האָב איך אַ פּלאַן באַטראַכט, — טאַדערי דאָם־באָם,
כ׳האָב קוים פון זײ אַ בענקל געמאַכט, — טאַדערי דאָם־באָם.

בעלאָצערקווע.

## 8

(גוטיאַנסקי ב.)

1. „גאָט שטראָפט אײן מענטשן
פאַר זײַנע זינד,
אײנעם אין אײן אָרעמקײַט,
דעם צווײטן אין אײן קינד.

2. גאָט שטראָפט איינ מענטשנ
אינ א גרויסער נויט,
איינעמ אינ איינ אָרעמקייַט
דעמ צווייטנ אינ איינ טויט.

3. מיכ האָט ער געשטראָפט
מיט איינ שרעקלעכער שטראָף,
ער האָט פארויגט מייַנ קינד
אינ איינ אייביקנ שלאָף.

4. אינ צאָרעס אונ ליידנ
בינ איכ שטענדיק זאט,
פונ דער צייַט אָנ
זינט איכ האָב כאסענע געהאט.

5. דאָקטוירימ מיט רעפועס
איז שטענדיק פול מייַנ שטוב.
די גאנצע וועלט ווייַזט מיר אויס,
ווי א פינצטערע גרוב".

6. „גענוג שוינ אייַכ, מייַנע עלטערנ,
וויינענ אונ קלאָגנ,
לויפט־זשע גיכ אינ שול אריַינ,
אונ זאָל מענ טילימ זאָגנ.

7. פאר א מיניענ מענטשנ
א נאָמענ צולייגנ,
טאָמער ועט רעבוינעשעלוילעמ
שענקענ דאָס לעבנ".

8. ווי מע האָט א נאָמענ
צוגעלייגט,
אזוי איז דעמ ריבוינעשעלוילעמ
די נעשאָמע צוגעגרייט.

9. „בעסער זאָלסטו נעמענ
פונ מייַנ קינד איינ אייווער,

איידער איך זאָל זען
דאָס פערטע קינד אין קייווער".

10. „געזעגנט שוין איך, מײַנע עלטערן,
צו ווײַנען נאָך מיר,
גאָט וועט אײַך אָפּגעבן
אַן אַנדערן פֿאַר מיר"

11. עס איז דען אַ נאָוועניע,
אַז בײַ אַ מוטער שטאַרבט אַ קינד?
פֿאַרבלײַבט אַלע גליקלעך,
גליקלעך און געזונט".

12. „געזעגנט שוין דיר צו ליגן
אויף דײַן קלאָר־ווײַסער בעט,
איך האָב שוין פֿאַר דיר צוגעגרייט
אַ פֿײַנעם קאַבינעט.

13. דאָרטן וועסטו ליגן
[. . . . . . . . איינער אַליין]
וואַרף אַוועק די פֿאַלשע וועלט
און לאָמיר גיכער גיין".

בראַגינסקי ר., שילערן, געהערט פֿון אַן עלטערער פֿרוי
כאַווע גוטהערצ, אין קיִעוו. אינעם ליד קומען צום
וואָרט: די מוטער, דאָס קראַנקע קינד, דער זינגער, ווידער
די מוטער, ווידער דאָס קראַנקע קינד, דערנאָך דער
מאַלעכאַמאָוועס. צווייטער פֿערז פֿון נײַנטער סטראָפֿע
זיכער פֿאַרגרײַזט. אין אונדזער צווייטן וואַריאַנט לייען
זיך דער דאָזיקער פֿערז אַזוי: „פֿון מײַן קערפּער אין
אײַוווער". אין דער לעצטער סטראָפֿע פֿעלט די צווייטע
שורע. מיר רעקאָנסטרויִרן לויט אונדזער צווייטן וואַ־
ריאַנט פֿונעם דאָזיקן ליד (זע נ. 9) צוויי ווערטער
פֿון סאָף שורע.

ווארי׳אנט (קופערשמיד ש.)

1. „פון זינט, מאמע, איך האָב כאסענע געהאט,
איך האָב כאסענע געהאט,
אזוי האָב איך נאָך, מאמע,
קיין גוטן טאָג ניט געהאט.

2. די ליקאָרסטוועס מיט די רעצעפּטן
גייען ניט ארויס פון מײַן שטוב,
אוי, איז דאָך מיר פינצטער,
אזוי ווי אין א גרוב.

3. צען קינדער, גאָטעניו,
האָסטו מיר געגעבן מיט גרויסן פארגעניגן.
ניין האָסטו בא מיר צוגענומען
און איינס איז מיר פארבליבן.

4. ניין האָסטו בא מיר צוגענומען,
ווי איז צו מיר, ווינד,
און הײַנט ווערסטו נאָך צונעמען,
בא מיר דאָס צענטע קינד.

5. איידער דו זאָלסט צונעמען,
דאָס צענטע קינד אין קייווער,
בעסער זאָלסטו נעמען
פון מײַן קערפּער אן אייווער.

6. פאר א מיניען מענטשן
דעם נאָמען צוצולייגן,
בעסער זאָלסטו מיך
פארברענען אף קוילן.

7. טו איך בא דיר שטיין,
און טו איך בא דיר קלאָגן".
„איר זײַט נאָך יונגע מענטשן,
איר וועט נאָך קינדער האָבן".

8. „אוי, פאלט אראָפּ א צווייגעלע
מיטן קאָרענע צוזאמען —
בא ווען טע שטארבט א קינד
איז א צאָרע דער מאמען".

9. „שטיי שוין אוף, דו פוילער,
דו פוילער פון דיין בעט,
גיי, איך האָב דיר אָנגעגרייט
א ריינעם קאבינעט.

10. אז דו ווערסט דארפן
ליגן איינער אליין,
ווארף אוועק די פאלשע וועלט
און לאָמיר ביידע גיין".

בעלאָצערקווע, גרוזיע. צו נ. נ. 8—9, זע, רשומות ז. 372,
נ. 6.

## 10

(קופערשמיד ש.)

1. איך האָב איינגעהייצט דאָס הרובקעלע
און ס'איז געפלויגן פינקען, *
אז איך זיץ באם טיש מיט א קאָמפּאניע,
זאָלסטו מיר ניט ווינקען.

2. איך האָב איינגעהייצט דאָס הרובקעלע
מיט א שטיקל האָלץ,
איך בין אן אָרעם מיידעלע
און האלט זיך גרויס און שטאָלץ.

3. מיין מאמע האָט געשיקט מיך
אין קרייטל קויפן ציקער: **
לויף אהיים שוין גיכער,
דיין בערל איז שוין שיקער.

---

*—פונקען.
**—צוקער.

4. אוי — אוי — אוי — די מאמע קאָכט וואַרעניקעס,
אוי — אוי — אוי — די מאמע זיפּט די יוך.*
אוי — אוי — אוי — די מאמע גייט אין מארק אַרײַן,
אוי — אוי — אוי — דער טאטע שלעפּט זיך נוך.**

לעטיטשעווסקי, בעלאָצערקווע, גרוזיע.

## 11

(סקודיצקי ז.)

1. אויסגעשטעלט א קראָם מיט פלעשלעך,
פּונקט ווי נאָך א מין סכוירע;
מיט די פּעטשאטקעס אף די העלדזלעך —
ס׳נעמט אזש אָן א מוירע,
און פארקויפן פארקויפט עס א פּראָסטער...
ניט קיין כאצקל שעלאָנו,
און וויל ניט געבן אָן מעזומאָנים —
אוי ווײ לאָנו.

2. אז ס׳קומט א זונטיק, א פּראָסטע כאָגע,
איז די מאָנאָפּאָליע פארמאכט לאכלוטן,
כאָטש סוינע־ציען, ס׳זאָל אַרויס די נעשאָמע,
וועט ניט העלפן קיין בעטן.
כאָטש גיב א רענדל פאר א טראָפּן
אף מאכן שעכעיאָנו,
וואָס פאר אן אומגליק, דער רועך זאָל אים טרעפן,
אוי ווײ לאָנו.

3. ווען דער שיקער זאָל אופשטיין פונעם קייווער
וואָלט ער נאָכאמאָל געשטאָרבן.
די רענדארעס, די קרעטשמארעס:
יאָסל־סימכע־ארנס און אווראָם־הערשלס,
ליבער טווערסקיס, איסאק־ארל־שאיעס
וואָלטן זיך צעלאָפן איבער די נאָרעס

*—יויך.
**—נאָך.

און וואָלטן געשריגן:
אוי ווײ לאָנו.

4. נאָר ס׳גייט א באסקאָל פון בארג סינײַ
מיט א קאָל פון א נעכאָמע:
טרינקט, ברידער, ניט זעוואיעט,
קאָלזמאַנ עס האלט זיך די געשאָמע,
אוי ווײ, גאָט האָט אײַערע טפילעס מיט טאכנונים געטון צו הערן,
מע וועט מעוואטל מאכן די גזיירע פון מאָנאָפאָליע.
טרא, לא, לא.

גראנינסקי ש., טשערנאָבל.

## 12

(סקודיצקי, ז.)

1. עפּעס טוט מיר מײַן הארץ זאָגן
זייער א גוטע זאך:
מאָרגן וועל איך דאָס ווײַב שלאָגן,
עס וועט זײַן זייער גלײַך.

2. דאָס פלעשעלע בראָנפן פון צוקאָפּנס,
נעמט זי בא מיר ארויס,
און טריקנט דאָס אויס ביז איין טראָפּן,
אוי, גוואלד, איך האלט דאָס ניט אויס.

3. טאָמער איז נאָך קארג —
איז אויסגעשטעלט א קראָם מיט פלעשלעך,
פונקט ווי א מין סכוירע,
מיט פעטשאטקעס אף די העלדזלעך —
ס׳כאפּט אזש אָן א מוירע.
עס פארקויפט א מאָנאָפאָלשטשיק, א גראָבער פּאָנעם,
ניט קיין כאסקל שעלאָנו,
ער וויל ניט באָרגן, נאָר בימזומאָנים.
אוי, מא האָיאָ לאָנו.

רעזניק, א. טשערנאָבל. ב. ב. 11—12 אפּאָנעם אנטשטאנען
אינדערצײַט, ווען מע האָט אינ צאריסטישן רוסלאנד

אײַנגעפירט די בראָנפן־מאָנאָפּאָליע, בײדע לידער זײַנען געזונגען געװאָרן מיטן ניגון פון קינעס. די ערשטע צװײ פּערזן פון נ. 12 איבערזעצט פונעם פּאָסעק: רחש לבי דבר טוב... (תהילים, מה, 2). צו דער צװײטער סטראָפע פון נ. 12, זע א װאַריאַנט בא אַנסקין „געזאַמלטע װערק״, ג. 15, ז. 189. ב. גוטיאַנסקי גיט איבער אַז דאָס ליד „אױסגעשטעלט א קראָם מיט פלעשלעך״ האָט ער געהערט זינגען אין א פּראָװינציעלן ייִדישן טעאַטער.

## 13

(סקודיצקי ז.)

1. צי האָט איר געהערט, װאָס ס׳קאָן זיך פאַרלױפן,
די באָבע האָט געפירט דעם זײדן פאַרקױפן,
|: זי האָט אים אױסגעפירט אַלע גאַסן,
און קײנער האָט פאַר אים ניט געװאָלט געבן קײן גראָשן. :|

2. דער זײדע האָט דערפון געמאַכט א גרױס געלעכטער,
זאָל ער בעסער זײַן א שלעכטער.
|: ער האָט געכאַפּט די װישקעס פונעם װאָגן
און האָט אָנגעהױבן די באָבע צו שלאָגן. :|

סקודיצקי ז., א שמיר, 60 יאָר, זשיטאָמיר.

## 14

(גערשענזאָן מ.)

װאַריאַנט

1. צי האָט איר געהערט, װאָס ס׳קען זיך פאַרלױפן,
די באבע האָט געפירט דעם זײדן פאַרקױפן.
די באבע איז געװאָרן אײנקאַס
דעם זײדן אַרױסגעפירט אַף דער גאַס.

2. זי האָט געװאָלט מיטן גאַנצן לעבן —
קײנער װיל פאַרן זײדן קײן גראָשן ניט געבן.

האָט זיך די באבע גוט באטראכט
אונ האָט דעמ זיידנ קעריק געבראכט.

3. איז געקומענ די האלבע נאכט,
האָט דער זיידע ארויסגענומענ די ווישקעס פונעמ וואָגנ
אונ האָט אָנגעהויבנ די באבע צו שלאָגנ
איז די באבע ארויסגעלאָפנ אפ דער גאס.

4. זאָל זי וויסנ ווי צו לויפנ,
זאָל דעמ זיידנ ניט פארקויפנ.
אָט־דאָס איז דער באבעס גאנצער גליק,
וואָס ־זי איז געקומענ אהיימ צוריק.

גערשענזאָנ מייגע, 56 יאָר, שטוב־באלעבאָסטע, טשערניגאָוו.

## 15

(סקודיצקי ז.)

(אונטערוועלט־ליד)

1. שימקע כאוער איז קיינ סטאמבול געפאָרנ,
ער האָט געוואָלט פארבעסערנ די יאָרנ,
|: ער האָט געוואָלט דאָס לעבנ מאכנ בעסער —
האָט מענ אימ אריינגערוקט א זאגראניטשני מעסער. :|

2. מיסטאָמע איז דאָס אימ אזוי געווענ באשערט
ער זאָל ליגנ מיט באגראָבנ אינ סטאמבולער ערד.
|: ער האָט געוואָלט זיינ גליקנ צו די געטער,
האָט מענ אימ אפ מאָרגנ געלייענט אינ די בלעטער. :|

גאָבער מ., אומאנ.

# א י נ ה א ל ט



## ארבעטער-לידער

### I. ארבעט, עקספלואטאציע און נויט



### II. שטרײַק-לידער

זײַט

## לידער װעגן מעלאָכע



## לידער פֿון דער רוסיש־יאַפּאַנישער און דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע

זײַט



## לידער פון שטייגער